אַבעל יאַרמוש

# פון צוויי הײמען

בילדער און פעליעטאָנען



אַרויסגעגעבן דורך אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט אין באָליוויע

בוענאָס־איירעס, תשכ״ה — 1965

## דער געזעלשאַפטלעכער בוך־קאָמיטעט :

יאַנקל סאַפּירשטיין
(פּרעזידענט פון סירקולאָ איזראַעליטאַ אין לאַ פּאַז — באָליוויע)

יהודה סטאפּניצקי
(עקס פּרעזידענט)

באַריס גרינשטיין
(געזעלשאַפטלעכער עסקן)

שמואל בינגער
(געזעלשאַפטלעכער עסקן אין קאָטשאַבאַמבאַ — באָליוויע)

האַנס מאַיער

שמואל איציק ברעכנער

יוסף אייקע

שמואל קעניגשטיין

אברהם שורעק

מאיר קראַנענבערג

# אַבעל יאַרמוש

## (ביאָגראַפישע שטריכן)

געבוירן אין יאָר 1895, אין שטעטל קויל (קאָלאָ) אין קאַלישער געגנט. באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע דערציִונג. פרי געמוזט פאַרלאָזן די גמרא מיטן תוספות און זיך נעמען לערנען אַ פאַך. בעתן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך געפונען אין קאַליש און איבערגעלעבט דעם גרויל פון פאַר־ברענען די שטאָט דורך דעם דייטשן מיליטער.

דעבוטירט אין יאָר 1915 אין דעם הומאָריסטישן וואַרשעווער וואָכנבלאַט „דער פרייער פויגל", אונטער דער רעדאַקציע פון פייגענבוים און גראַפמאַן, מיט אַ הומאָרעסקע א"נ „יִידישיסטקעס אויף דער פּראָווינץ". פון דאַן אָן זיך באַטייליקט ווי אַן אָפטער מיטאַרבעטער אין דער דאָזיקער אויסגאַבע מיט מאָנאָלאָגן, הומאָרעסקעס און סקיצן.

אין יאָר 1923 זיך באַזעצט אין קאַליש און געוואָרן אַ שטענדיקער מיט־אַרבעטער אין דעם אָרטיקן וואָכנבלאַט „קאַלישער לעבן". שפּעטער איבערגע־גאַנגען אין דעם אַנדערן וואָכנבלאַט „קאַלישער וואָך". אין ביידע וואָכנבלעטער פאַרעפנטלעכט הומאָרעסקעס, רעפּאָרטאַזשן פון שטעטל, טעאַטער־רעצענזיעס און אויך ליטעראַטור־קריטישע אָפּהאַנדלונגען.

אין יאָר 1933 געפאָרן אַלס זשורנאַליסט צו דער וועלט־אויסשטעלונג קיין פּאַריז און האָט אויך באַזוכט דעם פעלקער־בונד אין זשענעווע. זיינע רייזע־איינ־דרוקן זענען געווען געדרוקט אין וואַרשעווער „אונדזער עקספּרעס" און אין אַ ריי פּראָווינץ־ציַיטונגען.

אין יאָר 1936 געוווּנען דעם קאָנקורס פון „אונדזער עקספּרעס" אויף דער טעמע „איבערלעבענישן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה". ער שילדערט אין זיין קאָנקורס־אַרבעט די פאַרניכטונג פון דער שטאָט קאַליש וואָס איז דורך די דייטשן פאַרברענט געוואָרן, כאָטש זי האָט נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד.

אין יאָר 1939, האַרט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, עמיגרירט ער פון פּוילן און באַזעצט זיך אין באָליוויע, ווו ער ווערט תיכף דער קאָרעספּאָנדענט פון דער „איטאַ". באָליוויע איז דעמאָלט געווען דאָס לאַנד וואָס האָט אויפגענומען אַ גאָר גרויסע צאָל יִידישע פּליטים פון אייראָפּע און אַ דאַנק

זיינע טעלעגראַפישע ידיעות ווערט די ייִדישע וועלט אינפאָרמירט וועגן זייער לאַגע.

אין יאָר 1947 זיך באַטייליקט אין דעם ערשטן קאָנגרעס פון די פוילישע ייִדן, וואָס איז פאָרגעקומען אין ניו־יאָרק.

אַקטיוו אין ייִדיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון באָליוויע און 22 יאָר געווען דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דעם אָרטיקן „סירקולאָ איזראַעליטאַ״.

פאַרעפנטלעכט כסדר הומאָרעסקעס, שילדערונגען פון דער אַלטער היים און אַרטיקלען אויף אַנדערע טעמעס אין די אויסגאַבן „דער קאָנטינענט״ (רע־דאַקטאָר מלך ראַוויטש און משה ראָזענבערג) מעקסיקע, „יובל־בוך פון די פוילישע ייִדן״, אַרגענטינע; „דער וועג״, מעקסיקע; „דאָס ייִדישע וואָרט״, טשי־לע; „אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער״, אַרגענטינע; „דער נייער מאָמענט״, בראַזיל; „די ייִדישע צייטונג״, בראַזיל; „היינט״, אורוגוויי; „קאַנאַדער אָדלער״, קאַנאַדע און אין פאַרשידענע אַנדערע אויסגאַבן.

פון 1941 אָן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון „די פרעסע״, אַרגענטינע.

אין 1964 שאַפט זיך אין באָליוויע אַ געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט צו פיי־ערן זיין 70סטן געבוירנטאָג, וואָס פאַלט אויס אין יאָר 1965. דער קאָמיטעט באַשליסט אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע בוך ווי אַ צייכן פון אָנערקענונג פאַר זיינע געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע לייסטונגען.

# ערב פסח

אַ קילער פרימאָרגן. גאַנץ פרי וועקט אונדז די מאַמע, מיר זאָלן אויפ־שטיין. ס׳איז היינט, — זאָגט זי, — ערב פסח, מ׳דאַרף פאַרברענען דאָס חמץ, מאָרגן אם ירצה־השם, — גיט די מאַמע צו, — וועט איר קענען לענגער שלאָפן.

די אויגן קלעפּן זיך. ס׳גלוסט זיך נישט אויפשטיין. דער שלאָף ליגט נאָך אויפן האַרץ. עס איז אָבער נישטאָ קיין עצה. מען מוז זיך אָנטאָן.

די קליינע פענצטערלעך וועלכע זענען אַ גאַנצן ווינטער געווען פאַר־שטאָפּט, זענען היינט אויפגעפּראַלט, און די שטיקלעך וואַטע הענגען אַראָפּ, אַזוי ווי די פּראַנדזן פון שבתדיקן טישטוך... אין מיטן שטוב שטייט אַ באַליע מיט וואַסער, אין וועלכער די מאַמע וואַשט דאָס חמצדיקע געפעס. מען טרייבט מיך פון איין אָרט צום צווייטן: דאָ, וועל איך אָנקרישלען חמץ, צום יום־טוב־דיקן וואַסער זאָל איך מיך נישט צורירן, מחמת עס קען נאָך חלילה געשען אַ מכשול; אויפן בענקל זאָל איך מיך נישט זעצן. איך האָב מיך פשוט נישט ווו אַהינצוטאָן. מען פאַרפּאַקט דאָס חמצדיקע געפעס אויף גאַנצע אַכט טעג. דער קאַסטן מיטן יום־טובדיקן געפעס שטייט אָפן און עס קוקן פון דאָרט אַרויס: טעפּ, ראָנדלעס, קאָלירטע שיסלען, טשייניקלעך, כוסות צו וויין. די כלים — ווי זיי וואָלטן זיך געבעטן: נעמט אונדז אַרויס פון דער ענגשאַפט, וווּ מיר זענען פאַרשפּאַרט אַ גאַנץ יאָר, און זאָלן מיר וויסן פון אַ לעבן כאָטש אַכט טעג.

אויפן הויף איז לעבעדיק און טומלדיק. דאָס אַלטע שטרוי, פון וועלכן עס פילט זיך אַ ריח פון ווילגאָטש, ווערט אַרויסגענומען פון די שעניקעס. נישט ווייט פון זיי שטייען מאַיעסטעטיש עטלעכע בינטלעך פריש שטרוי, גרייט יעדע מינוט אָנצופילן די שעניקעס. דערווייל אָבער קלאַפּט מען דאָס בעטגעוואַנט, פעדערן פליִען אַזוי ווי עס וואָלט געגאַנגען אַ שניי, מלבושים לופטערן זיך. די שכנטע הענע כשרט די כלים. מ׳ווינטשט זיך אַ כשרן פסח, מ׳ זאָל דערלעבן איבער אַ יאָר מיט אַ גוט געזונט.

ר׳ יוסף וואָלף באַלעגאָלע, וואָס פאָרט צוויי מאָל אין וואָך אין דער גרויסער שטאָט, האָט די וואָך געמאַכט נישט מער ווי איין יאַזדע. ס׳איז פסח, — זאָגט ער, — וויל ער נישט פאַרשוואַרצט ווערן ביז אין דער לעצטער מינוט. די זון הייבט אָן צו וואַרעמען. חברה קליינוואַרג דערשנאַפּן די ערשטע די

פרייהייט, קומען זיי אויפן הויף, מאַנכע אין צעריסענע הייזלעך, אָן זאָקן, שפרינגען אַרום אויפן שטרוי, מאַכן פון אַ באַליע מיט וואַסער אַ שיף, שרייען, קריגן זיך און מאַכן פול די לופט מיט זייערע קולות.

ר׳ הערש „קייסער״, אַ ייד אַ שניידער, אַ טאַנדעטער, ווערט אויף יעדן יום־טוב אַ פוצער, אַ פאַרבער און אַ פרעסער; מאַכט כמעט פון אַלטע מלבו־שים נייע, ממש נישט צו דערקענען. הייַנט, ערב פסח, שטייט ער פון פאַר־טאָגס אין הויז, ביי אַן אויסגעקרומטן טיש, וואָס די ברעטער זיינע לעבן צווישן זיך נישט בשלום: איין ברעט האָט זיך מיט עטלעכע צענטימעטער אויפגעהויבן אין דער הויך, האָט זיך דאָס צווייטע ברעט מיישב געווען און להכעיס זיך אַראָפּגעלאָזט אויף עטלעכע צענטימעטער נידעריקער, אַזוי, אַז וועגן „גלייכהייט און ברידערלעכקייט״ קען מען איבערהויפּט נישט ריידן...

אָבער ר׳ הערש „קייסער״ לייגט אויף אַזעלכע „קלייניקייטן״ נישט קיין אַכט. אויפן טיש שטייט אַ שיסל מיט עפּעס אַ בלוי וואַסער, פאַרב מן הסתם, און יעדע פאַר מינוט טונקט ר׳ הערש אין די באַרשט, טרייסלט זי אַ ביסל אָפּ און פוצט די מלבושים פאַר יענע באַלעבאַטים, וועלכע האָבן צוליב פאַרשי־דענע „סיבות״ נישט געקענט זיך לאָזן אויפנייען קיין נייע מלבושים ביי ר׳ פּאַמפּע שניידער, דעם בעסטן פאַכמאַן פון שטעטל.

פון דער פאַרב זענען ביי ר׳ הערש „קייסער״ די נעגל בלוי געוואָרן און עס דאַכט זיך אָפּט מאָל, אַז בשעת הדחק אין פאַרב, וואָלט מען פון זיי גע־קענט אַראָפּנעמען אַ שפּאָר ביסל פאַרב וואָס זאָל סטייען אויף עטלעכע מלבו־שים אויסצופוצן...

די אויגן ביי ר׳ הערשן זענען רויטע, געוויס פון נישט שלאָפן. יום־טוב, — זאָגט ער, — וועט מען זיך שוין אויסרוען. זיין צווייט ווייב, גיטל, העלפט אים צו, פרעסט, נייט אָן קנעפּלעך און טראָגט אָפּ די אַרבעט.

נעכטן האָט דער טאַטע מיט בולאַך טרעגער געבראַכט מצות אין אַ ווייס זעקל פון ר׳ מאַטעס בעקער, און נאָכן באַקומען אָפּטראָג־געלט, האָט דער טרעגער געווונטשן אַ כשרן פסח: מ׳זאָל דערלעבן איבער אַ יאָר אין פריידן, אויף וואָס דער טאַטע ענטפערט אים: גם אתם.

אין געסל פילט זיך יום־טובדיקייט: מען שייערט, מען רייניקט, מען גרייט צו דעם פסח. שכנים באַראַטן זיך מיט דער מאַמען וועגן פלייש; וויפל מאַלצייטן מען וועט דאַרפן, אויב מען זאָל צורעכענען שבת. מען טיילט זיך מיט חרוסת, מען דערציילט וועגן „מציאות״ אויפן מאַרק און מען רעדט אין איין וועגס אויך אַ ביסל רכילות...

דער טאַטע העלפט אויף צו אַריינברענגען דעם פסח אין שטוב. ער זאָגט אונטער, אַז מען זאָל נישט פאַרשפּעטיקן מיטן פאַרברענען דאָס חמץ.

ער, פון זיין זייט, גרייט אַלץ צו, אַפּילו די הגדות זענען שוין אויפן טיש, גרייט באַר צו זאָגן...

אַלע פּאָר מינוט פאַלט אַריין אַן אַנדערע ייִדענע, אַ שכנטע, צו אונדז אין שטוב און פרעגט: ר׳ יעקב, ווען פאַרברענט מען דאָס חמץ? דער טאַטע ענט־פערט יעדן מיט דעם זעלבן פּזמון: פּונקט 9 אַ זייגער, אַזוי האָט מען אויס־געררופן אין בית־המדרש, — זאָגט ער מיט גדלות, גלייך ווי ער וואָלט אַ וויכ־טיקע מיסיע דערפילט.

מיטיק־צייט פילט זיך שוין אין שטוב דער ריח פון גריוון, געפּרעגלטע קאַרטאָפל מיט שמאַלץ און פּסחדיקער באָרשט. אַפילו דער גוייִשער שוס־טער פון פּינטעס־געסל, אַנטעק מעלצער, וועלכער טראָגט אַ באָרד אַזוי ווי אַ ייִד, קען ריידן ייִדיש און ווייסט אָנצורופן יעדן ייִד ביים נאָמען, אויך ער האָט אַ הנאה פון פּסח, ער פאָסמאַקעוועט זיך מיט אַ שטיקל מצה, אַ ביסל באָרשט און אויך ער ווינטשט די ייִדישע שכנים אַ כשרן פּסח, מען זאָל דער־לעבן (ער רעכנט זיך אויך אַריין...) איבער אַ יאָר מיט געזונט...

# געגעסן אום יום כיפור

ר׳ עזריאל פישער, אָדער עזריאל יוניווערסיטעט, פון אונדזער פינטעס־געסל, האָבן אַלע געקענט. געווען איז ער אַ קליין פלינק יידל, מיט גאָר קליינע אײ־געלעך, וועלכע זענען געלאָפן הין און צוריק, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך געיאָגט אויף אַ וועט־לויף... אַ קליין שיטער בערדל, אַ גויש היטל אויפן קאָפּ, אַ רי־רעוודיקער, — אָט דאָס איז געווען ר׳ עזריאל פישער.

דאָס ווייב הענע, איז געווען אַ פשוטע יידענע; האָט זיך אין פיש־מסחר נישט געמישט, נאָר אַז עזריאל איז געגאַנגען אין נאָענטן דאָרף, בליזשניץ ־וויעזש, וועגן סחורה אויף שבת, און ער האָט אָנגעזאָגט הענען, אַז אין דער פרי זאָל זי זיין אויפן אַלטן מאַרק לעבן מאַגיסטראַט מיט אַ באַליע פיש, האָט הע־נע דאָס צווייטע וואָרט נישט גערעדט, מחמת עזריאל איז געווען גאָר אַ גרויסער כעסן און פאַרן מינדסטן וואָרט וואָס הענע האָט אַנטקעגן גערעדט, איז זי נישט זיכער געווען מיטן חיות...

זייער איינציקער זון מרדכי, איז געווען אַ ציטערדיק יינגל. ווי אַ בן־יחיד האָט מען אים געקעכלט מיט וואָס עס איז נאָר געווען מעגלעך און דער־פאַר איז ער אויך אין חדר, ביי אַנשל ביק, נישט געווען פון די בעסטע תלמי־דים. דאָנערשטיק, ווען מיר, חדר־יינגלעך, האָבן שוין גוט געקענט די סדרה, פון דער וואָך, איז עס ביי מרדכין געגאַנגען נאָך גאָר שווערלעך...

מיר זענען שוין געווען העכער צוועלף־יאָריקע בחורימלעך, און אָט, אָט ווערן מיר שוין בר־מצווה און ווערן פאָלבע יידן. שוין פאַראַיאָרן האָבן מיר אָנ־געהויבן פאַסטן, כאָטש נישט קיין גאַנצן טאָג, אָבער ביז שפּעט נאָך מיטיק האָבן מיר שוין געפאַסט. דאָס מאָל, היות ווי מיר זענען שוין אַריבער די צוועלף־יאָר, האָבן מיר באַשלאָסן צו פאַסטן דעם גאַנצן טאָג יום כיפור. מיר האָבן „פּייערלעך" צוגעזאָגט אונדזערע עלטערן, אַז דעם היי־יאָריקן יום כיפור וועלן מיר שוין פאַסטן ווי דערוואַקסענע יידן.

דער תענית האָט זיך גוט איינגעגעבן פון כל־נדרי ביז צו מאָרגנס פאַר־מיטיק. ביים לייענען האָבן מיר, חדר־יינגלעך, געמאַכט אַ שפּאַציר צו דער ברויעריי פון קאָוואַלסקין, דאָרט ווו די פּייערלעשער פלעגן יעדן זונטיק מאַכן „פּראָבעס". שפּעטער זענען מיר געגאַנגען שפּאַצירן צו דער וואַרטע, וואָס איז געפלאָסן אַרום אונדזער שטעטל און מיר האָבן זיך צוגעקוקט ווי די קליינע פישעלעך שווימען אַרום אין טייך.

נאָך פון נעכטן ערב יום כיפור, האָבן די עלטערן געגעבן זייער בן־יחיד, מרדכין אַ סך פּרוכטן, באַרנעס, עפּל און איבערהויפּט די גוטע לאַנגע פלוימען, וועלכע מרדכי האָט זיך איבערגעלאָזט אויפן צווייטן טאָג, ווען ער וועט אַ היים קומען צו „גאָטס נאָמען" מיט אַלע ייִדן צוגלייך, אַזוי ווי אַ גרויסער ייִד.

אָבער ווי אויף צו להכעיס, האָט דער יצר־הרע אָנגעהויבן צו פּייניקן מרדכין און עס האָט אים אָנגעהויבן צו ציִען צו די ערטער וווּ ער האָט געהאַט ליגן די גוטע פּרוכטן. מרדכי האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, זיך געוואָלט איבערצייגן, צי די חברים זעען נישט, און ווען ער איז אַזוי ווי זיכער געווען, אַז מיר קוקן גאָר אין אַן אַנדער ריכטונג, האָט ער שנעל אַרויסגעכאַפּט עטלעכע פלוימען און אַריינגעפּאַקט אין מויל, און נאָך צוגעביסן מיט צוויי באַרנעס. ער איז זיכער געווען, אַז דאָס שטיקל אַרבעט האָט ער אָפּגעטאָן און קיין אויג האָט נישט געזען.

איינער פון אונדזער חברה האָט אָבער גוט אַכטונג געגעבן אויף מרדכין, מחמת ער האָט שוין געהאַט אַ חשד אויף אים. עפּעס האָט ער זיך צופיל אַרומגעקוקט. דאָס איז געווען שבת „בענקאַרט", וועלכער האָט פון אים קיין אויג נישט אַראָפּגענומען, ביז ער האָט אים געפּאַקט ווי ער האָט געגעסן די פּרוכטן... און שבח האָט נישט לאַנג געקלערט און באַלד צוגעטראָגן צו עזריאל פישער וואָס זיין זון דער תכשיט האָט אָפּגעטאָן.

נו, מער האָט מען נישט באַדאַרפט. ר' עזריאל איז געוואָרן מלא רציחה. ער האָט אָנגעהויבן צו שרייען, געוואָלדעווען מיט באַנומענע קולות און אָנגעהויבן צו שלאָגן מרדכין. שכנים זענען זיך צוזאַמענגעקומען, האָבן אָנגעהויבן אויסצוריידן עזריאלן. פּינטעס־געסל איז געגאַנגען אויף רעדלעך, ביז ס'איז געבליבן אַז מען וועט פרעגן אַ שאלה דעם רב זילבער, וואָס מען זאָל טאָן מיט דעם יונג. און אַזוי האָט מען געטאָן און דער רב האָט געפּסקנט: היות ווי מרדכי איז נאָך נישט קיין פולע דרייצן יאָר, איז ער פריי פון אַן עונש און מען דאַרף אים נישט באַשטראָפן, נאָר ער מוז הייליק צוזאָגן, אַז ווען ער וועט ענדיקן דרייצן יאָר און ווערן בר־מצווה, וועט ער פאַסטן אַזוי ווי יעדער דערוואַקסענער ייִד...

# אנטלאָפן פאַרן דייטשן מיליטער

(זכרונות פון דער ערשטער וועלט־מלחמה)

געווען איז עס שבת נחמו. אינעם ערשטן מלחמה־יאָר.

דער זומער האָט נאָך געהאַלטן אין מיטן ברען. עס זענען נאָך געווען היי־סע טעג. די זון איז געשטאַנען אַ צעגליטע. אויפן וואַרטע־טייך זענען „לוד־קעס״ געפאָרן און ביים אַריינגאַנג פון שטאָט־גאָרטן איז געשטאַנען, אַזוי ווי שטענדיק, דער אַלטער וואַלענטי מיט די צוויי גרויסע וואָנסעס, אין דער האַנט דעם סענקעוואַטן שטעקן, אַז לאָבוסעס זאָלן נישט אַריין אין גאָרטן און דאָרטן אָנמאַכן חורבנות. עס האָט זיך געדאַכט אַז אַלץ איז נאָך אַזוי ווי פריער.

הגם שוין עטלעכע טעג זענען אין שטעטל קיין צייטונגען נישט אָנגעקו־מען, זענען דאָך דערגאַנגען ידיעות, אַז די מלחמה האָט זיך צעפלאַקערט אויף אַ רעכטן אמת. איבערהויפט האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק די קאַלישער פּליטים, וועלכע זענען מאַסנווייז געקומען אין שטעטל, אייניקע אין בריטשקעס, קאַרעטעס, וועגענער און אויך צופוס.

גרופּעס מענטשן שטייען אין גאַס און שמועסן וועגן דער מלחמה. מען רעדט וועגן די קאָנטריבוציעס וואָס די דייטשן לייגן אַרויף אויף די שטעטלעך וואָס זיי פאַרנעמען.

אין מתים־געסל, לעבן זוויקעלסקיס הויז, שטייט ר׳ בער נחמנס אָמניבוס. אַ מאָל איז דער דאָזיקער אָמניבוס געווען געשפּאַנט מיט דריי פערד אין דער ברייט: צוויי קאַשטאַנעס און איין ווייסער שימל. אויבן, אויף דער קעלניע, איז אַ מאָל געזעסן מיט גדלות און חשיבות ר׳ יוסף וואָלף באַלעגאָלע, און ער האָט זיך געפילט אַזוי ווי אַ שיפס־קאַפּיטאַן אויף זיין שיף... און אַז די גרויסע קאַ־רעטע איז אַריינגעפאָרן אין דער קאַלישער גאַס, פול געפּאַקט מיט פאַרשוינען, האָט מען זיך שוין מיט אַ שעה פאַרן אָוועקפאָרן אָנגעהויבן צו געזעגענען; זיך געקושט, געווונטשן אַלדאָס גוטס, געווישט טרערן, גלייך ווי מען וואָלט געפאָרן מעבר־לים... היינט שטייט די קאַרעטע פאַריתומט, פאַרשעמט, מיט די צוויי דישלען אַרויף צום הימל, מיט צוויי רעדער אין רינשטאָק; אויסגעבויגן קרומ־לעך, ווי אַ קאַליקע אויף איין פוס.

ייִדן שטייען אין גאַס און שמועסן פּאָליטיק. מיליציאַנטן מיט רויטע בענ־דער אויף די אָרעמס, שטייען אין די ראָגן פון די גאַסן און וואָרענען מען זאָל זיך נישט זאַמלען אין גרופּעס, נאָר בעסער אַהיים גיין, ווייל דער שונא — דער

דייטש, הייסט עס — קען אָנקומען מיט אַן עראָפּלאַן. אָבער ייִדן ווילן נישט פֿאָלגן. ווּעמען זאָלן זיי פֿאָלגן און פֿאַר וועמען זאָלן זיי האָבן דרך־ארץ? — פֿאַר דער „נאַטשאַלסטווע״, וואָס באַשטייט פון הערש יוסף בלעכנער, זלמן קלעזמער, דוד איציק דעם טאַנדעט־שניידער, אָדער דעם גוייִשן משרת טענגוס, פֿון קאָ־וואַלסקיס ברויערײַ?

אויף די טרעפּלעך פֿונעם הויז, וואָס געהערט צום גרעסטן עושר פון שטעטל, ר׳ יואל שאַטאַן, זיצן ייִדן, משפּחה־מענטשן, מען דערציילט זיך מע־שות, לעגענדעס, איינע שרעקלעכער ווי די צווייטע. מען רעדט פון „זאַפּאַס״, פֿאַניע חזיר, עסטרייך קבצן, וועגן זייער אכזריות, און ווער שמועסט נאָך אַז אין רעדל געפינט זיך אַ קאַלישער — האָט מען שוין אַוודאי פון וואָס צו ריידן.

אויפן „נייעם מאַרק״, ביי אברהם יעקב באַנד אין דער שענק, זיצן ווילדע יונגען, וועלכע האָבן פאַר קיינעם קיין מורא נישט, ווי איציק טאָפּ, דער בלינ־דער בונעם, שאַיע זשעלאַזניאַק, וואָלף טאַנצמייסטער, חיים אליה מאַכלאַק, עוזר קצב, חיים איסר קונצמאַן, שמואל שד, הערש פויער, יעקב סמאָטשאַרזש און נאָך אַנדערע; מען טרינקט ביר און מען בייסט צו פּיפּעקלעך און לעבערלעך; מען דערציילט זיך מעשיות פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, וועגן אָפּי־צירן, בראָנפן און ווייבער.

פֿאַרנאַכט, אין בית־המדרש, בין מנחה למעריב, האָט מען שוין געשמועסט נאָר הויך־פּאָליטיק. מען האָט אויפגעוויזן באותות ומופתים, אַז די מלחמה קען לאַנג נישט דויערן. פֿאַניע חזיר וועט זיך שוין מיטן דייטש אַן עצה געבן, — האָבן געטענהט די וועלכע האָבן געהאַלטן מיט רוסלאַנד. די, וועלכע זענען גע־ווען מיטן דייטש, האָבן געהאַט פּונקט אַ פאַרקערטע מיינונג: מיט אַזאַ טעכניק, — האָבן זיי געגעבן צו פאַרשטיין, — וועט דער דייטש זיכער געווינען די מלחמה. איבערהויפּט האָט עס אויפגעוויזן ר׳ אלתר, דער לערער פון שטעטל, וואָס האָט געגעבן „שטונדן״. אָדער ווי מען האָט אים גערופן: „אלתרל ציבעלע־פּרעסער״, מחמת ער האָט שטאַרק ליב געהאַט ציבעלעס.

צו די רייד פון ר׳ אלתר לערער האָט מען זיך צוגעהערט מיט אַ באַזונ־דערן אינטערעס, ווייל ער האָט געשמט פאַר אַ „קאָפּ־מענטש״. ער האָט גע־לייענט די גאַזעטן, געשריבן מיט אַ געציקלטער האַנטשריפט און אָנגעפירט אַ קאַמף מיטן רב, אַז ער זאָל פאַרלאָזן דאָס שטעטל. און היות ווי דער רב איז געווען אַן עקשן, האָט ער ר׳ אלתרן נישט געוואָלט צוליב־טאָן און איז דווקא געבליבן.

אין איינעם אַ פרימאָרגן, מען ווייסט נישט פון וואַנען און פון וועמען, האָט זיך פאַרשפרייט אַ ידיעה. אַז דער דייטש קומט אָן און מען מוז אַנטלויפן פון שטעטל. ייִדן, ווייבער און קינדער האָבן זיך אַרויסגעלאָזט צעשראָקענע אי־

בער די שאָסייען, אַ בהלה, אַ פחד האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט. מיט אימה אין די אויגן איז מען געלאָפן און איבערגעלאָזט דאָס ביסל באַלעבאַטישקייט אויף הפקר. ווער עס האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ פּויעריש וועגעלע, און ווער עס איז געגאַנגען צופוס; ווער מיט אַ ביסל בעטגעוואַנט, מיט טלית און תפי־לין, מיט אַ טשייניקל טיי, אַ קריגל מילך. עטלעכע ברויטלעך פאַר די קינ־דער, — אַזוי האָט מען אַדורכגעמאַכט די אַכצן קילאָמעטער צום נאָענטן שטעטל.

פאַרנאַכט־צו, ווען מען איז אָנגעקומען, פאַרמאַטערטע, פאַרשטויבטע, אין דעם קליינעם שטעטל, האָבן שוין דאָרט די דייטשן זינט עטלעכע שעה אַרומגעשפּאַצירט...

# דערטרינקען געוואָרן אין די סליחות־טעג

ווער האָט אין שטעטל נישט געקענט מיין זיידן ר׳ עוזר?

געווען איז ער פון מיטעלן וווּקס, געהאַט אַ גרויסע ביינערדיקע נאָז, גרינלעכע בייזע אויגן, אַ שטאַרק באַוואַקסן פּנים מיט גרינגע האָר, פון וועלכע עס האָבן זיך אַרויסגעזען שטיקלעך באַקן, ווי אינדזלען אין אַ ים. געהאַט האָט ער אויך שטאַרק געדיכטע ברעמען, וואָס האָבן אויף אונדז קינדער אָנגעוואָרפן אַ שרעק, וואָרום מיר האָבן זיך פאַרגעשטעלט, אַז אַזעלכע בייזע אויגן און אַזעלכע געדיכטע ברעמען מוז נאָר האָבן דער מלאך־המוות...

ווען איך האָב אים „דערקענט" איז דער זיידע שוין געווען אַן אַכציקער, אָבער אַ נאָך גענוג זשוואַווע ייִדל, וועלכער האָט זיך אַליין געשאַפן זיין פּרנסה. זינט די באָבע איז געשטאָרבן האָט ער געוווינט ביי אונדז.

זומער איז ער געווען אָנגעטאָן אין אַ צייגענעם כאַלאַטל, וואָס דעם קאָליר דערפון איז שווער געווען פעסטצושטעלן, אַמאָל איז עס געווען גרוי, דערנאָך איז עס געוואָרן גרין, און שפּעטער געלבלעך... דערצו האָט ער געטראָגן אַ הויכן קאַשקעט און די ברייטע שטיוול פלעגט ער אַלע פרייטיק אויסשמירן מיט אייל פאַר אַ דרייער, וואָס ער האָט געקויפט ביי לאה די אייל־טרעגערין. די שטיוול האָבן געגלאַנצט און האָבן פאַרשפּרייט אַ ריח אויף אַ מייל די ווייט. ווינטער ווידער פלעגט ער טראָגן אַ דובלאָנע פעלצל, וואָס ער האָט ערגעץ מיט יאָרן צוריק איינגעהאַנדלט ביי אַ פּויער ווי אַ „מציאה". דער טיפער באַראַנקאַוועער הוט איבער די אויגן, דער באַרכאַנט־קאַפּטאַן מיט די גרויסע פּאָסן, איז געווען אַ טייל פון זיין ווינטער־הלבשה. אָבער מיט שטיוול האָט ער זיך קיינמאָל נישט צעשיידט. אַגב, זענען זיי געווען אַ ירושה פון זיין טאַטן...

דער זיידע איז געווען אַ דאָרפס־גייער, געהאַנדלט מיט חזיר־האָר, מיט קרוליק־פעלעכלעך און אַז גאָט פלעגט וועלן, האָט ער אים צוגעשיקט אַ גוט פאַרדינסטל ביי אַ צוויי שעפּסעלעך, אָדער גאָר ביי אַ קעלבל. דעמאָלט איז דער זיידע געווען גאָר האַפּערדיק; דעמאָלט פלעגט ער ברייט אַרויסנעמען דאָס טאַבאַק־שקעטעלע פון מלך סאָביעסקיס צייטן, אָנגענומען מיט די צוויי גראָבע פינגער אַ שפּאַר ביסל טאַבאַק, וואָס וואָלט זיכער גענוג געווען פאַר אַ האַלבן מנין ייִדן, און כהרף־עין איז די גאַנצע פּאָרציע טאַבאַק פאַרשווונדן געוואָרן אין גרויסע, ברייטע נאָזלעכער, אַז עס איז פון איר קיין שריד ופליט

נישט געבליבן. ער האָט זיך אַפילו קיין קרום נישט געטאָן, גלייך ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען...

דעמאָלט האָט ער מיט די „סוחרים״: לאה די „קאַטשקע״ (מחמת ביים גיין האָט זי זיך געוויגט ווי אַ קאַטשקע), יוסף פּוקאַטש, הערצקע פֿאַרד, פּשוט נישט געוואָלט ריידן. ער האָט זיך פֿאַר דער סחורה געהייסן באַצאָלן אין טאָג אַריין. מען האָט אים געבעטן: — ר׳ עוזר, נעמט שוין צו די פֿאַר פּייעס, זייט נישט קיין עקשן, מיר ווילן דאָך אויך עפּעס פֿאַרדינען.

פֿרייטיק, מיטיק־צייט, פֿלעגט דער זיידע מאַכן שבת. נאָכן אויסשמירן די שטיוול מיט אייל, האָט ער זיך אַרומגעוואַשן לכבוד שבת מיט זייף, און איז געגאַנגען אין שול אַריין, וווּ ער האָט שוין געהאַט די חזקה פֿון יאָרן אָנצו־צינדן די ליכט. דאַן האָט ער געזאָגט מעמדות און זיך געגרייט מקבל שבת צו זיין.

אין דער וואָכן פֿלעגט ער אויפֿשטיין פֿאַרטאָג, כעלות, אָפּגיסן נעגלוואַ־סער, נעמען דעם טלית־זעקל הינטערן אָרעם און גיין אין בית־המדרש אַריין. באַלד האָט זיך זיין האַרטער און שווערער גאַנג געלאָזט הערן אין דעם געסל איבערן שטיינערנעם ברוק.

אין דעם שטילן באַגינען האָבן זיינע טריט אָפּגעקלונגען מיט אַן עכאָ און אַלע שכנים האָבן געוווּסט, אַז דאָס גייט דער זיידע ר׳ עוזר אין בית־המדרש אַריין. אַ סך מאָל איז ער געקומען אַזוי פֿרי, אַז דער שמש ר׳ „נחמן קוטשער״ (מחמת ער האָט גערעדט מיט אַ קוויטשעדיק קול) איז נאָך אין בית־המדרש נישט געווען. האָט ער צוגעוואַרט ביז דער שמש איז געקומען, איינגעהייצט דעם אויוון און שפּעטער זיך געזעצט תהילים זאָגן.

אַזוי האָט דער זיידע אָפּגעלעבט לאַנגע יאָרן אין שטעטל.

אַ גאַנץ אַנדערע איז געווען די באָבע רויזע, שטענדיק אַ גוטע, אַ שמייכל־דיקע, האָט זי אונדז, אייניקלעך, יעדן שבת מכבד געווען מיט שבת־אויבסט, מיט וועלכן זי פֿלעגט זומער צוהאַנדלען. ביי דער באָבען האָבן מיר זיך גע־פֿילט פֿרייער און דרייסטער. פֿלעגט אָבער דער זיידע אין שטוב אַריינקומען, פֿלעגן מיר באַלד שטיל ווערן, געררוקט זיך אין די ווינקעלעך און וואָס שנע־לער זיך אָפּטראָגן אַ היים.

***

ווען די באָבע רויזע איז געשטאָרבן, האָט זיך דער זיידע צו אונדז אַי־בערגעצויגן און געלעבט זיך אויף זיין שטייגער: פֿאַרטאָגס געגאַנגען האַנדלען אין דאָרף, אין די ווינטערדיקע טעג איז ער שוין מיטיק־צייט געווען אין שטוב,

ווי עס האָט אויף אים געוואָרט אַן אָפּגעקאָכטער קלייען־באָרשטש מיט צעריי־בענע קאַרטאָפל, באַשאָטן מיט אַ סך פעפער, וואָס ער האָט זייער ליב געהאַט. פון דער שיסל איז געגאַנגען אַ פּאַרע אַזש ביז צום סופיט... שפּעטער איז גע־קומען לאה „די קאַטשקע" און אַנדערע „סוחרים", מען האָט אָנגעהויבן צו האַנדלען, מען האָט אָנגעצונדן די פינפער לאָמפּ מיטן הויכן אָפּגעזילבערטן פוס. אַ רויטע ליכטיקייט האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן שטוב און פאַריאָגט די שאָ־טנס פון די ווענט. דער זיידע האָט אַרויסגענומען פון אַ זעקל די „סחורה": אַן אָנגעשטאָפּטן קרוליק מיט שטרוי, אַ פעלעכל פון אַ קעלבל, וואָס מען האָט אויסגעשפּרייט אויף דער פּאָדלאָגע צו זען ווי גרויס עס איז, און דער עיקר — אַ ביסל חזיר־האָר. מען האָט זיך געדונגען, געשוווירן אויף נאמנות, דערלייגט אַ פינפערל, אַדורכגעקומען מיטן מקח און די „טראַנזאַקציע" איז געשלאָסן גע־וואָרן.

איין מאָל, אין אַן אָסיען־פאַרטאָגס, געווען איז עס סליחות־צייט, האָט זיך דער זיידע „שפּעט" אויפגעכאַפּט, מן הסתם איז עס געווען אַרום 5 אַ זייגער, אָבער ביים זיידן האָט עס אויסגעזען שפּעט און ער האָט זיך גאָרנישט געקענט שענקען, וואָס ער האָט פאַרשפּעטיקט... ער וועט שוין נישט קענען אַריינכאַפּן די פּאָר קאַפּיטלעך תהילים, ווי זיין שטייגער איז געווען. גאָר גיך האָט ער זיך אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער, זיך אָנגעטאָן, געטופּעט מיט די שטיוול, וועלכע זענען געווען געקאָוועט מיט אייזערנע „פּאָדקאָוועס", זיך געוואַשן ס׳פּנים. דערנאָך האָט ער געכאַפּט דעם טלית־זעקל אונטערן אָרעם און געלאָפן אין בית־המדרש אַריין. אונדזער הייזקע איז געשטאַנען אין דער מיט פון געסל. פון איין זייט איז מען געגאַנגען אין בית־המדרש אַריין און פון דער צווייטער זייט איז געפלאָסן די וואַרטאַ, וואָס איז איצט אין די אלול־טעג נאָך טיפער און ברייטער געוואָרן.

שטאָק פינצטער איז געווען, דאָס שטעטל איז נאָך כמעט געשלאָפן. דער זיידע, אָנשטאָט צו גיין רעכטס, האָט, ווייזט אויס, געמאַכט אַ טעות און גענומען גיין אויף לינקס, און אַזוי ווי ער איז געווען שטאַרק פאַרטראַכט און דערביי זיך געאיילט, האָט ער נישט געהערט דאָס רוישן פון דער וואַרטע. ער איז געגאַנגען און געגאַנגען, און פּלוצים האָט עפּעס אַ פּאַל געטאָן און עס איז שטיל געוואָרן.

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

אויף מאָרגן פרי האָט מען אויף דער וואַרטע געזען אַרומשווימען אַ טלית־זעקל, און אַזוי אַרום האָט מען זיך דערוווסט, אַז דער זיידע איז דערטרונקען געוואָרן.

דריי טעג האָט עס געדויערט, ביז פישער האָבן דעם זיידן געפונען, אים

אַרויסגעצויגן פון וואַסער און מען האָט אים געבראַכט צו קבר ישראל. אַ טאָג פאַר ערב ראש־השנה איז אין שטעטל געווען זיין לוויה, אַ גרויסע לוויה. מענטשן האָבן אים באַדויערט, שבחים נאָכגעזאָגט. אַלטע לייט האָבן מיט די קעפּ געשאָקלט. דעם רבונו־של־עולמס דרכים איז גאָרנישט צו פאַרשטיין, — האָבן זיי געזאָגט, — אַזאַ פרומער, אָפּגעהיטענער און ערלעכער ייִד געווען און געהאַט אַזאַ ביטערן סוף...

# פאַרברענט די בריק...

ראש השנה 1914 אין שטעטל.

אַ דראַבנער רעגן גייט פון פאַרטאָג. אַ שווערע מרה־שחורה איז אויף אַלעמענס פנימער. אַן אימה האָט אַלעמען אַרומגענומען. שוין העכער דריי חדשים ווי די מלחמה דויערט און קיין סוף זעט מען אַלץ נישט. אַ סך פון שטעטל זענען אַוועק אין „זאַפּאַס". צי וועלן זיי צוריקקומען? ווער ווייסט? דער מסחר האָט זיך אָפּגעשטעלט און מען איז נישט זיכער מיטן לעבן... דער דייטשישער אכזר, מאַיאָר פּרויסקער, האָט חרוב געמאַכט קאַליש. זענען טאַקע פיל קאַלישער פליטים פאַראַן אין שטעטל. אויך פון „פאַניען" הערט מען נישט קיין פריילעכס: פון די שכנותדיקע שטעטלעך קומען אָן ידיעות וועגן דעם וואָס די ווילדע קאָזאַקן האָבן דאָרט אָפּגעטאָן, אַזש אַ ציטער גייט דורך אײבערן לייב... ביי אונדז אין שטעטל זענען די קאָזאַקן שוין עטלעכע וואָכן, און עס איז מער־ווייניק „רויק". יידן ווייזן זיך אין די אָוונט־שעהן קנאַפּ אין גאַס. פרויען און מיידלעך זעט מען איבערהויפּט נישט. מען פילט, אַז די רוסן וועלן אַ ליאַדע טאָג פאַרלאָזן אונדזער שטעטל, עפּעס איילן זיי זיך, אָבער דערווייל, בניה ביה, פאַרטשעפּען זיי יידן אין גאַס און זיי שלאָגן...

פון אָסטראָווסקיס, פינטעס און קאַלך־געסל קומען אָן יידן, מיט טליתים און מחזורים אונטערן אָרעם, גלייך אין שול און אין בית־המדרש אַריין. ווייבער מיט מחזורים און תחינות, אין קאָלירטע שלייפלעך אין די שייטלען, איילן זיך אין דער ווייבער־שול. אויפן וועג ווינטשט מען זיך, אַז מען זאָל דערלעבן אַ גוט יאָר. די אויגן ווערן פייכט און אויפן האַרץ איז טרויעריק...

די שול איז געפּאַקט. דער גבאי ראָטבאַרד, שטייט אויפן באַלעמער, איינגעהילט אין דעם וואָלענעם טלית מיט דער זילבערנער עטרה. די גבירים זיצן אויבן־אָן אויף די מזרח־שטעט. מיטעלע בעלי־בתים זיצן אַ ביסל ווייטער. גאָר די לעצטע שטעט זענען פאַרנומען פון בעלי־מלאכות, הענדלער און גאָר אָרעמע לייט, וועלכע האָבן נישט קיין געדונגענע שטעט און האָבן זיך מיטגענומען פון דער היים בענקלעך. פון אַלטע, געל־פאַרפּעצטע מחזורים, דאַוונען זיי ערנסט, הייס. מען איז זיך מכבד מיט אַ שמעק טאַבאַק, מען וויל די מורא באַהאַלטן אָדער פאַרטרייבן.

נאָך שחרית האָט זיך דער הימל אַ ביסל אויסגעלייטערט. דער רעגן האָט אויפגעהערט. עטלעכע מיידלעך קומען אין שול צום שופר בלאָזן. דער שטאָט־

חזן איז אָנהייב מלחמה צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד, ווו ער האָט געהאַט זיין פאַמיליע, און איצט פאַרנעמט זיין אָרט ביים עמוד דער קלאַדאָווער שוחט, מיט אַן „איינגעשטודירטן" כאָר שטעלט ער זיך דאַווענען מוסף.

דער שוחט וויינט מער ווי ער זינגט. די משוררים העלפן צו. איבערהויפט לאָזט זיך הערן דאָס קליינע אַלטל, טוביה זשעליאַזניאַקס יינגל, וועלכער זינגט ווי אַ קאַנאַריק. עס באַגלייטן דעם שוחט דער באַס מענדל עזרא, וואָס מאַכט ציטערן די שויבן. יידן קרעכצן: אוי, אוי, אוי. פון דער ווייבער־שול הערט זיך אַ כליפּען, וואָס פאַרשטאַרקט זיך נאָך מער, ווען דער חזן זאָגט מיט אַ געציקלט קול דעם ונתנה תוקף: מי יחיה ומי ימות, מי בחרב ומי במ־גפה. מען דערמאָנט זיך אַז עטלעכע יונגע מענטשן זענען געשטאָרבן פון טי־פוס... עס איז שרעקלעך הייס און דושנע. אין פאָליש שטייען עטלעכע קנאַ־פּערע דאַווענער, ווי זעליג לעקעכבאַקער, חיים איסר קונצמאַן, און הערשיע „פויער". זיי שמועסן געשמאַק וועגן דער מלחמה; ווער עס וועט פאָרט גע־ווינען; מען דערציילט זיך מלחמה־מעשיות פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה.

פלוצים דערטראָגט זיך אַ מוראדיק געברום. דאָס דאַווענען ווערט איבער־געריסן. מען לויפט אַרויס אין גאַס און אַלעמענס אויגן ווענדן זיך צום הימל, וווּ מען זעט צוויי דייטשע עראָפּלאַנען וואָס פליִען בידעריק איבערן שטעטל. עס ווערט אַ געלויף פון אַלע זייטן. פון דער ווייבער־שול שטופּן זיך אַרויס רחל די גבאיטע און הענדל די בלעכערין. ביידע דיקע ווייבער. ווי די פּעסער. מיט די מחזורים און תחינות אין די הענט, לויפן זיי אַזוי ווי די קאַטשקעס... די פּאַניק ווערט וואָס אַ מאָל גרעסער, ווען עטלעכע קאָזאַקן לויפן אַריין צו ר' אברהם מאיר דעם מצבה־קריצער אויפן הויף. וועלכער וווינט אין שכנות מיט דער שול, כאַפּן אַראָפּ די ביקסן פון די אַקסלען און שיסן עטלעכע מאָל אַרויף צו די עראָפּלאַנען. מער האָט מען שוין נישט באַדאַרפט: עס ווערט אַ גערודער, אַ מהומה, אַ געפּילדער, מען ענדיקט שוין נישט דאָס דאַווענען. דער עולם לאָזט זיך לויפן, מען פילט אַז עפּעס גרייט זיך...

שפּעטער, נאָכן מיטיק, האָט מען געבראַכט אין דער רוסישער קאָמענ־דאַנטור אַ געפאַנגענעם דייטשן אָפיציר, וועלכער האָט זיך מיט זיין עראָפּלאַן געמוזט אַראָפּלאָזן אין דעם נאָענטן דערפל „בליזשעניע וויעש".

טויזנטער מענטשן (נאָר ווייניק יידן, וועלכע האָבן פּשוט מורא געהאַט) האָבן זיך געלאָזט אין דעם דערפל אָנקוקן דעם דייטשן אָפיציר מיטן עראָ־פּלאַן, וועלכער איז געוואָרן באַשעדיקט. מען האָט באַטראַכט די מאַשין, גע־חידושט זיך און גלייכצייטיק אַ ביסל מורא געהאַט...

פרי האָט מען זיך יענעם אָוונט געלייגט שלאָפן, אָבער אין דער האַלבער נאַכט האָבן זיך געהערט קולות. מען האָט זיך אויפגעכאַפּט: דער הימל איז

געווען רויט, דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען אין פלאַמען. צי האָט מען טאַקע דאָס שטעטל אונטערגעצונדן?

עס האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט, ביז מען איז געוואָר געוואָרן אַז די רוסן ציִען אָפּ און זיי אַנטלויפן פאַרן דייטש און ווי אַ „לעצט געלט" האָבן זיי אונ־טערגעצונדן די גרויסע וואַרשעווער בריק.

הונדערטער מענטשן, איבערהויפּט ייִדן, זענען געלאָפן מיט עמערס וואַ־סער און באַגאָסן די הײַזער, אַז זיי זאָלן נישט פאַרברענט ווערן. קאָזאַקן אויף די פלינקע פערדלעך זענען געלאָפן ווי די רוחות. די פייער־צונגען האָבן גע־לעקט די גראָבע בעלקעס און ברעטער פון דער וואַרשעווער בריק, וועלכע איז צענדליקער יאָרן געהאַנגען איבער דער וואַרטע און פאַראייניקט דאָס שטעטל מיט דער פאָרשטאָט. די בריק איז געווען אַ צירונג פאַרן שטעטל. פאַרליבטע פּאָרלעך, חתן־כּלה, עלטערע סטאַטעטשנע ייִדן מיט ברייטע דיוויסקעס (גאָלדע־נע קייטן) אין די וועסטל־קעשענעס, און ווייבער מיט גרויסע גוידערס, שטאַרק צעגאָסענע, ברייטע מיט גבירישן שטעל — אַלע פלעגן שבת נאָכן טשאָלענט גיין שפּאַצירן אויף דער וואַרשעווער בריק; אַלע האָבן פון איר אין פאַרלויף פון יאָרן הנאה געהאַט... און איצט האָט די בריק געברענט. שקצים, וועלכע זענען געווען היימיש מיט די קאָזאַקן, האָבן געשלעפּט שוואַרצע אָפּגעברענטע בעל־קעס, וואָס האָבן נאָך געריכערט. ס'האָט אויסגעזען אַזוי ווי מען וואָלט שטיקער אברים פון אַ לעבעדיקן קערפּער געריסן... מען האָט געבראַכט אַ פּאַס נאַפט מיט סמאָלע און אויסגעגאָסן אויף דער בריק. דאָס פייער האָט מען געזען אויף מיילן און אין האַרץ האָט עפּעס גענאָגט, באַנג געטאָן, אַזוי ווי מען וואָלט זיך געשיידט מיט אַן אַלטן גוטן פריינד...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מאָרגן, צום־גדליה באַגינען, האָבן די ערשטע דייטשע פאָרפּאָסטנס אַרייננמאַרשירט מיט גרויס פּאַראַד אין שטעטל.

# ר׳ שואל, דער „סטאַרשי פעלדשער״

אַ קליין־געוויקסיק יידל, רויטע בעקעלעך, אַ ביסל איינגעהויקערט, מיט אַ קמץ־בערדל און גוטמוטיקע אויגן, שטענדיק מיט אַ שמייכל. אַן אָפּגעהיטענער ייד: חלילה נישט פאַרפעלט קיין מנחה־מעריב. אָט אַזאַ איז געווען ר׳ שואל פעלדשער ביי אונדז אין שטעטל.

ווען איך האָב אים דערקענט, איז ער שוין געווען אַ ייד ווייט אַריבער די זעבציק, און הגם אונדזער שטעטל האָט פאַרמאָגט נאָך אַ פעלדשער, וואָלקאָ־וויטש, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן אונטער די אויגן, מיטן צונאָמען „בעקיע״, וויל גייענדיק אין גאַס האָט ער שטענדיק אונטערגעפייפט עפּעס אַ גוייִש לידל, האָבן אָבער אַלע שטאַרק געהאַלטן נאָר פונעם עלטערן פעלדשער, ר׳ שואל. וואָס פאַראַ חולאת ׳ס פלעגט, נישטאָ געדאַכט, טרעפן אין אַ יידישער שטוב: בויך־קרעמפן, עצירות, קאָפּ־ווייטיק וכדומה, האָט מען זיך שוין אָן ר׳ שואלן נישט געקענט באַגיין. פרומע ווייבער האָבן אים געבענטשט, גע־שנייצט די נעזער, געהויבן די אויגן צום הימל און געזאָגט: אוי גאָטעניו איז ער אַ רופא, מען זאָל אים נאָר נישט באַדאַרפן...

דריי הויפּט־רפואות האָט ר׳ שואל געהאַט מיט וועלכע ער האָט געאַר־בעט צענדליקער יאָרן און נעמלעך: ריצנאייל, באַנקעס, און אַ קאַנע (לעוואַ־טיווע בלע״ז). און אַדאַנק די דאָזיקע אויסגעפּרוווטע רפואות האָט ער אַ סך, אַ סך חולאים אויסגעהיילט, „געשטעלט אויף די פיס״ ביז זיי זענען אין אַ צייט אַרום ווידער קראַנק געוואָרן...

ווען ער פלעגט קומען צו אַ קראַנקן, האָט ער קודם־כל אויסגעפּאַקט פונעם שוואַרצן קעסטל די „מעדיקאַמענטן״ און נאָכן באַטראַכטן דעם חולה, האָט ער גלייך „פעסטגעשטעלט״ איינע פון די דריי רפואות, און טיילמאָל גאָר צוויי און אין אַ „שווערן פאַל״ — אַלע דריי צוזאַמען. וואָס פאַראַ קרענק ׳עס זאָל נאָר נישט זיין, האָט ער שטענדיק צוגעגעבן אַ קאַנע. און מען האָט אין שטעטל דערציילט אַזאַ מעשה: מען האָט אים אַמאָל גערופן צו אַ פרוי וועלכע האָט באַקומען אַ געשווירל אין האַלדז, און ר׳ שואל האָט איר געהייסן מאַכן אַ קאַ־נע; די פרוי האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ גרויס געלעכטער, און דאָס געשווירל אין האַלדז האָט געפּלאַצט, און די פרוי איז געהאָלפן געוואָרן...

ווען מען האָט אים געפרעגט: ר׳ שואל (קיין פאַמיליע־נאָמען האָט קיינער נישט געוווסט) אפשר קען מען דעם חולה געבן אַביסל יויך פון אַ הינדל? האָט

ער געגעבן אַ גלעט דאָס קמץ־בערדל און געענטפערט פשוט און תמימותדיק, אַזוי ווי זיין שטייגער: נו, דאָס קען אויך נישט שאַטן; און אפשר אַביסל זופּ פון גריץ? — דאָס קען אַוודאי נישט שאַטן; טיי מיט ציטרין, קאָן באַשטימט נישט שאַטן... און אַזוי האָט ר׳ שואל באַקומען אין שטעטל אַ נאָמען: „עס קען נישט שאַטן״.

אָבער ר׳ שואל האָט זיך נישט איבערגענומען דערפון. ער האָט ווייטער געגעבן די רפואות, געווונטשן די חולאים אַ רפואה שלימה; געגעבן אַ קוש די מזוזה און ווייטער געשפּאַנט מיטן שוואַרצן קעסטל „מעדיקאַמענטן״ אין די יידישע געסלעך פון שטעטל.

דאָס פעלדשער־פאַך האָט ר׳ שואל נישט שטודירט אין די אוניווערסי־טעטן, נישט געפאָרן וועגן דעם קיין אויסלאַנד. דאַכט זיך אַז זיין פאָטער איז אויך געווען אַ פעלדשער; און ר׳ שואל האָט דאָס פאַך איבערגענומען בירושה און פּראַקטיצירט אין שטעטל מיט גרויס הצלחה. און נישט נאָר יידן, נאָר אויך די שטעטלדיקע גויים האָבן פון אים געהאַלטן, און אַז דער גוישער דאָקטער פיאַלקאָווסקי האָט געהאַט אַ שווערן חולה, און געמאַכט אַ קאָנסי־ליום, האָט ער אויך טיילמאָל גערופן ר׳ שואלן, כדי צו הערן זיין מיינונג.

אַ חוץ פעלדשעריי האָט אויך ר׳ שואל געהאַט אַ „רעזורע״ (אַ פריזירער־אַנשטאַלט) אין דער קירך־גאַס; פאַר דער טיר זענען געהאַנגען דריי מעשענע שטאַרצן און אַן אויפשריפט: „סטאַרשי פעלדשער״. דינסטיק און פרייטיק, ווען אין שטעטל זענען פאַרגעקומען די וועכנטלעכע יאַרידים, און פויערים פון די אַרומיקע דערפער זענען געקומען אין שטעטל פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן, דעמאָלט האָט ר׳ שואל געהאַט אַרבעט „איבערן קאָפּ״... די טאָכטער און ס׳איי־ניקל האָבן אויף די שטרויענע האַלב־צעבראָכענע בענקלעך אויסגעזעצט אַ האַלב טוץ פויערים און זיי אַלעמען איינגעזייפט מיט איין מאָל. ר׳ שואל אַליין איז געגאַנגען מיטן גאָל־מעסער פון איינעם צום צווייטן, האָט געגאָלט די רוי־טע מאָרדעס, און דאַן מיטגעגעבן אין די דערפער אַהיים זיין רעצעפּט אַביסל ריצנאייל וואָס איז שטענדיק ביי אים געווען אויף לאַגער...

זיין ווייב, אַ הויכע, דאַרע יידענע, אַן אמתע אשת־חיל, האָט אויך צוגע־האָלפן אין דער מלאכה. זי ווידער איז געווען אַ בריה צו מאַכן פעלערן פּרי־זיזוניקעס, אַז זיי זאָלן נישט דאַרפן גיין דינען „פּאַניען״. עפּעס האָט זי גע־האַט אַזעלכע „גאָלדענע הענט״, אַז איינס צוויי, מיט אַ דרוק אויף אַן איידעלע שטעל, האָט זי געמאַכט דעם רעקרוט אַ מיחוש, און ער איז שוין געוואָרן באַ־פרייט פון פּריזיוו.

פלעגט ער זיך נאָר באַווייזן אין געסל מיטן שוואַרצן קעסטל, געגאַנגען מיט זיינע געמאָסטענע טריט, האָט מען שוין געוווּסט אַז עס איז פאַראַן אַ

חולה, און מען דאַרף זיך פאַרזאָרגן מיט אַביסל ריצנאייל, ווי אַ זאַך מאַכט זיך...

און אַזוי שפּאַנענדיק מיטן קעסטעלע מעדיקאַמענטן אין די געסלעך פון שטעטל זענען די יאָרן געלאָפן. ר׳ שואל איז עלטער געוואָרן, די האָר און דאָס קמץ־בערדל זענען אינגאַנצן ווייס געוואָרן, דער רוקן מער איינגעבויגן, ער האָט שוין נישט דערזען, און די מער מאָדערנע האָבן אָנגעהויבן צו נוצן דעם נייעם פעלדשער פון וואַרשע, אַרציכאָווסקי. זיינע טריט זענען געוואָרן וואָס אַמאָל מער און מער לאַנגזאַמע, ער האָט פון עלטקייט אָנגעהויבן צו שאָקלען מיטן קאָפּ. ביז ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט אין שטעטל אַ קלאַנג, אַז ר׳ שואל איז קראַנק, און שוין עטלעכע טעג ווי ער ליגט אין בעט, און די דאָקטוירים פּיאַלקאָווסקי און דעמטשינסקי גיבן נישט קיין האָפענונגען, מחמת ר׳ שואל איז שוין געווען אַ זקן, קרוב צו שמונים.

מען איז אים געגאַנגען מבקר־חולה זיין, עס האָבן זיך געמאָלדן „פריי־וויליקע״ ייִדן משמורים „אויף־צו־זיין״ ביינאַכט, אָבער דער באַליבטער פעלדשער פון שטעטל איז געוואָרן אַלץ שוואַכער פון טאָג צו טאָג.

איינמאָל אין אַ ווינטערדיקן פאַרטאָג, אַרום חנוכה־צייט, ווען איינער פון די משמורים איז אַהיימגעקומען, האָט ער איבערגעגעבן דער משפּחה, אַז כאָטש עס האָט דאָרט ביי ר׳ שואלן געברענט אַ קליין נאַפט־לעמפּל, ווי עס געווען מער פינצטער ווי ליכטיק, דאָך האָט ער באַמערקט אַז דער חולה האָט היינט געהאַט אַ גוטע נאַכט... ווייל כמעט אַלץ וואָס איך האָב אים געגעבן פון די מעדיצינען — האָט ער צוגעגעבן מיט גדלות — האָט ער „גוט אַראָפּגענומען״. און עס דאַכט זיך מיר —האָט ער ווייטער געזאָגט— אַז עס בעסערט זיך...

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, איז געקומען צו לויפן די טאָכטער מיט אַ געוויין, אַז דער טאַטע רירט זיך נישט. און ווען עטלעכע חברה־קדישא־לייט זענען אַריין צו ר׳ שואלן, האָבן זיי אים געטראָפן אַ טויטן, אַ קאַלטן...

אויף מאָרגן האָט ר׳ שואל געהאַט אַ ריזיקע לוויה; גרויס און קליין זענען נאָכגעגאַנגען דעם שוואַרצן וואָגן דורך דעם „מתים־געסל״ אויף דער וואַרשעווער פאַרשטאָט צום בית־עולם.

אַ טיפער צער האָט אַלעמען אַרומגענומען. מען האָט אים געגעבן אַ קבר לעבן די דאָזאָרעס פון דער גמינע; מען האָט אים מספיד געווען, שבחים נאָכגעזאָגט: מען האָט דערציילט ווי ער האָט צוגעטראָפן, קראַנקע געהיילט, געווען כל ימיו אַן ערלעכער ייִד און אויך אַ גוטער פעלדשער. ווייבער האָבן אויפן קול געוויינט און האָבן דערמאָנט ווי ער האָט זייערע עופהלעך געראַטעוועט. איבערהויפּט אין דער וועלט־מלחמה, ווען אין שטעטל איז אומגעגאַנגען די טיפוס־עפּידעמיע. אויך גויים האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ, און באַדויערט דעם „סטאַרשי פעלדשער״ פּאַן שועלקאַ...

# דוד איציק דער „רעזשיסאָר"...

עס וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען אַז דוד איציק איז געווען אַ פּראָפּע־סיאָנעלער רעזשיסער. חס ושלום! ער איז נישט אַרומגעפאָרן מיט אַ חברה אַקטיאָרן איבער שטעט און שטעטלעך שפּילן יידיש טעאַטער. ניין! ער איז גראָד פון פאַך געווען אַ שניידער, אַ טאַנדעטניק, אַזוי ווי זיין פאָטער יוקיף מאָטע; ער איז געשטאַנען מיט אַ בויד סחורה אויפן מאַרק. זומער — מיט ציצגענע אַנצוגן, הויזן, קינדער־אַנציגלעך; ווינטער — מיט גראָבע קורט־קעס און פויערישע קאַפּטאַנעס. געדונגען זיך מיט די קונים, געשווירן; גע־פּאַטשט אין די הענט וועגן אַ „זגאָדאַ" און איז געווען צופרידן ווען ער איז אַהיים געגאַנגען מיט אַ פּאָר גילדן לייזעכץ פון אַ גוטן מאַרק.

געווען איז דוד איציק אַ ייִד אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט שטאַרקע קינ־באַקן, אַ קליין קמץ־בערדל, אַ ליסע קאָפּ, טיפע שוואַרצע אויפן און אַ שטאַרק ביינערדיקע נאָז, וואָס איז געווען היפּשלעך אויסגעקרימט, אַזוי אַז הינטער די אויגן האָט מען אים גערופן: „דוד איציק מיט דער נאָז"...

שוין פון די פריעסטע יאָרן האָט מען אין שטעטל דערציילט, אַז ער האָט אַרויסגעוויזן גרויס טאַלאַנט צו טעאַטער־שפּילן. נאָך אַלס חדר־ייִנגל פלעגט ער זיך פורים פאָרשטעלן און מיט אַנדערע ייִנגלעך שפּילן „דוד און גלית". און מיט יאָרן, יאָרן שפּעטער, אַז ער פלעגט זיך שטעלן אין אַ מאַיעסטעטי־שער פּאָזע און אויסשרייען: „איך בין גלית, דער גרויסער העלד. פאַר מיר ציטערט די גאַנצע וועלט", האָט מען אין שטעטל אויף אים מבינות־געזאָגט: „עס וואַקסט דאָ אַ גרויסער אַקטיאָר מיט וועמען די וועלט וועט קלינגען"...

אמת, די וועלט האָט מיט אים שפּעטער נישט געקלונגען. קיין וועלט־באַרימטער אַקטיאָר איז ער נישט געוואָרן, נאָר דווקא אַ שניידער אַ טאַנדעט־ניק. פון דעסטוועגן האָט ער געשפּילט אַ געוויסע ראָל אין שטעטל.

אָנגעהויבן האָט ער זיין „אַרטיסטישע קאַריערע" מיט שטעלן יעדן פורים אַ פּיעסע; די שטיקער וואָס ער האָט געגעבן זענען געווען היסטאָרישע, מאָ־ראַלישע און האַרצרייסנדיקע, מיט „געזענגע און טענצע"... אַזוי אַז לאַנגע וואָכן נאָך דער פאָרשטעלונג האָט מען אין שטעטל נאָכגעזונגען די מעלאָדיעס אין די וואַרשטאַטן ביי די מאַשינען.

האָט מען זיך אין שטעטל געקענט פאָרשטעלן אויף פורים אַ גרעסערע

פרייד נאָך אַ שווערן ווינטער, ווי די פאָרשטעלונג „בר כוכבא״ מיט דער מיט־ווירקונג און רעזשי פון דוד איציקן?

ער אַליין, דוד איציק, האָט געשפּילט דעם אַלטן ר׳ אליעזר, וועלכער פירט אַ קאַמף מיט בר כוכבאן, אין וועלכן זיין טאָכטער דינה איז פאַרליבט (די ראָלע פון דינהן האָט טאַקע געשפּילט זיין אייגענע טאָכטער מלכה); דאָס שטעטלדיקע טעאַטער איז געווען די „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע״, דאָס טעאַ־טער איז געווען געפּאַקט; אויף דער גאַליאָרקע האָט מען זיך געשלאָגן פאַר אַ שטיקל פּלאַץ; די וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין געלט זיך צו קויפן אַ בי־לעט, פלעגן שטיין אין דרויסן אין אַ לאַנגער ריי ביז נאָענט צום בית־המדרש, און אַז מען האָט געעפנט די טיר פון טעאַטער, פלעגן זיי אויך כאַפּן אַ בליק...

— און ער אַליין, ר׳ איציק?

ער פלעגט שיינען פאַר נחת; פלעגט אַרומלויפן הינטער די קוליסן און העלפן אַלץ צוגרייטן: צוקלעפּן די בערד, איינעם אָנטאָן די ביקס מיט דער פּאַפּירענער שווערד... (ער אַליין האָט פינף יאָר געדינט ביי פּאָניען), מושטירן די יידישע זעלנער, געבן אַ ווונק צו זלמן קלעזמער, אַז ער זאָל נעמען דאָס פידעלע אין דער האַנט און צומאַכן די אויגן (אַזאַ טבע האָט ער געהאַט, זלמן, אַז בעתן שפּילן האָט ער געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן...). מיט איין וואָרט: אומעטום נאָר דער רעזשיסער דוד איציק, אָדער ווי די אינטעליגענץ פון שטעטל פלעגט אים רופן: פּאַניע רעזשיסאָר לעווקאָוויטש...

צום סוף פון דער פאָרשטעלונג פלעגט דוד איציק באַקומען שטאַרקע אַפּ־לאָדיסמענטן, טייל מאָל אויך שאָקאָלאַד, אַ „באָמבאָניערקע״ אָדער בלומען; ווען מ׳האָט געשריגן „ביס״, דעמאָלט פלעגט ער אַליין אַרויסקומען אויף דער בינע, מאַיעסטעטיש זיך פאַרנייגן און געהאַלטן אַ „ריידע״ צום „הויכגעשעצ־טן פּובליקום״, געדאַנקט אויף „דייטש״ פאַרן צאַלרייכן באַזוך און דער־מאָנט דעם וויכטיקן צוועק פון דער הכנסה פון דער פאָרשטעלונג.

אויף מאָרגן, 7 אַזייגער אין דער פרי, האָט מען שוין דוד איציקן גע־טראָפן אין בית־המדרש איינגעהילט אין טלית און תפילין ביים דאַווענען.

אָפט מאָל פלעגט דער שמש ר׳ נחמן אים מכבד זיין מיט אַן עליה.

איין מאָל איז דוד איציק מיט דער טרופּע געווען פאַרבעטן אויף צוויי פאָרשטעלונגען אין דעם שכנותדיקן שטעטל ד. האָט ער אויך מיטגענומען דעם געהילף־רעזשיסער הערש יוסף בלעכנער! און מיט גרויס רעש איז די טרופּע אַריינגעפאָרן מיט פּאַקעלעס בויד אין שטעטל, און עס איז געוואָרן אַ געלויף פון אַלע זייטן צו זען די „קונצנמאַכער״; און היות ווי מען האָט גע־שפּילט „בר כוכבא״ און מען האָט באַדאַרפט האָבן סטאַטיסטן, מיליטער, וואָס מען האָט צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות פון דער היים נישט געקענט

מיטנעמען, איז דוד איציק געפאַלן אויף אַ פּלאַן (פּאַרט אַ רעזשיסער אַזוי פיל יאָרן) און מיט דער הילף פון אַרטיקע יידן פון שטעטל געבאַרגט ביי זעלנער ביקסן, מונדירן און שווערדן. אַז געשפּילט, זאָל עס זיין מיטן גאַנצן קנאַק!

אין אָוונט איז צו דער פאַרשטעלונג אויך געקומען דער פּאָליציי־מייס־טער און אַ רוסישער אָפיציר, און דערזעענדיק אויף דער בינע רוסישע מונ־דירן, ביקסן, שווערדן, איז ער אַריינגעפאַלן אין אַזאַ רציחה, אַז ער איז גרייט געווען דוד איציקן און זיין געהילף הערש יוסף בלעכנער דורס צו זיין...
„טשטאָ, ווי יעווריע פּרעקליאַטי״ — וואָס מיינט איר זיך עפּעס! איר גייט חוזק מאַכן פון אונדזער מיליטער?...״

ס'איז געוואָרן אַ סקאַנדאַל. ווייבער האָבן געחלשט, קינדער (עס זענען געווען אויף דער פאַרשטעלונג אַ סך קינדער וועלכע האָבן געוואָלט זען די „קונצנמאַכער״) האָבן געוויינט; מען האָט געשריגן, זיך געזידלט אויף רוסיש „אין דער מאַמען אַריין״...

די פאַרשטעלונג איז איבערגעריסן געוואָרן. ווילע יונגען האָבן פאַר־לאַנגט דאָס געלט צוריק. דער רעזשיסער מיטן געהילף זענען קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן... און שבת אין בית־המדרש האָט מען אַפילו דוד איציקן געראָטן גומל צו בענטשן...

*****

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער דייטש האָט זיך פעסט באַזעצט אין שטעטל און יידן זענען געוואָרן מיליציאַנטן, האָט דוד איציק פאַרנומען דעם עלטסטן פּאָסטן אַלס מיליציאַנער, ער האָט אין גאַנצן אַוועקגעוואָרפן דאָס שניידעריי און געשפּילט די ראָל פון אַ נאַטשאַלניק... אַנגעטאָן איז ער געווען אין אַ מונדיר פון גרינעם קאָליר און אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ גראָבן „באַטעק״; אין קעשענע האָט ער געהאַט אַ ביכל צו פאַרשרייבן, און סיי יידן, סיי גויים האָבן פאַר אים געהאַט גרויס דרך־ארץ, און ווי און ווינד איז געווען צו דעם גנב, וואָס פלעגט אַריינפאַלן צו דוד איציקן אין די הענט אַריין; ער פלעגט מיטן גראָבן „באַטעק״ אַזוי שלאָגן, אַז יענער פלעגט שוין פאַרזאָגן אַ צענטן מער נישט צו גנבענען. און הגם דוד איציק האָט שוין גע־האַט אַ „רעגירונג־פּאָסטן״, פלעגט ער אָבער די טעאַטער־קונסט נישט פאַר־לאָזן און אַלע 3 חדשים פלעגט ער שטעלן אַ פרישע זאַך און אַריינגעבראַכט יום־טובדיקייט אין שטעטל.

די „פּיעסן״ וואָס דוד איציק האָט געשפּילט, זענען געווען: „בר כוכבא״, „דוד אין דער וויסטע״, „מכירת יוסף״, „שולמית״, „אחשורוש״ און נאָך אַזעל־

כע. און אין די „פּיעסן" האָט ער אַליין תמיד געשפּילט די הויפּטראָל און שטענדיק מיטן געהעריקן דערפּאָלג.

אויף די פאָרשטעלונגען פלעגט ער שטענדיק פאַרבעטן די דייטשע וואַכמייסטערס און דעם קרייז־שעף, וועלכע מען האָט אויסגעזעצט אין דער ערשטער ריי. דוד איציק האָט זיך באַמיט פון דער בינע צו ריידן דייטשמעריש, כדי די דייטשע באַהערדן זאָלן פאַרשטיין... און זיי פלעגן פון אים אָנקוועלן: — „יאַ, — האָבן זיי געזאָגט, — דיעזער מאַן האָט גראָסע פעהיגקייטען פיר די בינע". דוד איציקס שטערן האָט געלויכטן אויפן הימל...

***

די מלחמה האָט זיך געענדיקט און דוד איציק איז געוואָרן אויס פּאָליציאַנט און זיין שטערן ווי אַ רעזשיסער אין שטעטל, האָט אויך אָנגעהויבן צו פאַלן. עס זענען אין שטעטל אויפגעקומען אַרבעטער־פּאַרטייען. מען האָט געגרינדעט דראַמאַטישע קרייזן, מ'האָט אָרגאַניזירט קינסטלערישע אָוונטן, מיט איינאַקטערס, דעקלאַמאַציעס. דוד איציקן האָט מען נישט איינגעלאַדן אַלס רעזשיסער, מחמת ער האָט איבערהויפּט נישט געהאַט קיין אַנונג פון נייעם יידישן טעאַטער און כמעט גאָרנישט פאַרשטאַנען פונעם נייעם רעפּערטואַר. פון דעם אַלעם האָט ער זיך געפילט זייער און זייער געקרענקט, אָבער קיין עצה איז נישט געווען, האָט ער זיך ווידער גענומען צו דער מלאכה: געניית ציגענע הויזן. אין שטעטל זענען אויפגעקומען נייע כוחות, רעזשיסערן מיט פּיעסן פון שלום אַש, פּרץ הירשביין, לעאָן קאָברין. מען האָט פאַרבעטן אויף אַן אָוונט מאַרק אַרענשטיין. דאָס זענען געווען נעמען, וואָס דוד איציק האָט אַפילו קיין מאָל נישט געהערט... אמת, אויף די פאָרשטעלונגען האָט ער באַקומען אַ פרייען אַריינטריט, און זיצנדיק אין טעאַטער האָט ער געקוועטשט מיט די פּלייצעס, נישט געקענט משיג זיין דעם נייעם דרך... —„וואָס איז עס פאַראַ טעאַטער, — האָט ער געזאָגט, — אָן געזאַנג און אָן טענץ? און די אַרטיסטן ריידן עפּעס אַזוי היימיש, געוויינלעך, פּונקט ווי אין דער היים... ווי אין גאַס, און דערצו אָן בערד, ביקסן, שווערדן, און דאָס זאָל טאַקע הייסן יידיש טעאַטער? עפּעס אַן איבערקערעניש, לא עלינו, געקומען אויף דער וועלט..."

שוין לאַנג ווי דוד איציק האָט די בינע־ברעטער נישט באַטראָטן, אַפילו אין טעאַטער נישט געווען, פּשוט דערפּאַר, וואָס קיין בחינמדיקן בילעט שיקט מען אים שוין נישט צו, און קיין איבעריק געלט אויסצוגעבן אויף טעאַטער האָט ער נישט... איבעריקנס, וואָס אייגנטלעך וועט ער דאָרט זען? עפּעס שפּילט מען דאָרט אַ „גולם פון פּראַג", וואָס קיינער פאַרשטייט נישט און פון דער

גאַנצער פּיעסע, מ׳שטײנס געזאָגט, קען מען זיך צו מאָל קײן לידל נישט אױס־לערנען זינגען. עס איז אַן עבירה אַ גראָשן...

**

אין דער צװײטער װעלט־מלחמה, װען די נאַציס זענען געקומען, איז שױן דוד איציק דער ר׳עזשיסער געװאָרן אַ זײדע און געהאַט גרױע האָר און אַ שי־טער גרױ בערדל. ער האָט געניט אױף דער אַלטער „זינגער״־מאַשין צײגע־נע הױזן און פון צײט צו צײט אונטערגעברומט אַ לידל פון „בר כוכבא״, „שולמית״ און גאַנץ אָפט זיך אױסבאַהאַלטן בײ אַן „אַקציע״ אױפן בױדעם, װוּ עס איז געלעגן דער רעקװיזיט פון די פּיעסן װאָס ער האָט געשפּילט אין דער צײט פון רום און גלאַנץ... — הילצערנע שװערדן, פּאַפּירענע קרױנען, װאָס זענען געלעגן שטיל, פאַרשטױבטע, אַזױ װי מתים... עס האָט אים נישט געהאָלפן זײן „דײטש״־רײדן און דער יחוס, אַז אין דער ערשטער מלחמה איז ער געװען אַ דײטשער פּאָליציאַנט... עפּעס גאָר אַנדערע דײטשן הײנט, װאָס זענען גאָרנישט ענלעך צו יענע פון יאָר 1914.

אין אַ קאַלטן פרימאָרגן האָט מען דוד איציקן צוזאַמען מיט אַ גרופּע יידן פון דער בית־המדרש גאַס אַרױסגעפירט אין דעם נאָענטן שטעטל כעלמ־נע, װוּ ס׳האָט געברענט אַ גאַנצן מעת־לעת דער גאַז־אױװון, און דאָרט האָט דוד איציק צוזאַמען מיט די אַנדערע יידן פון מײן שטעטל ק. זײן נשמה אױס־געהױכט...

# ר׳ יוסף וואָלף באַלעגאָלע...

געווידמעט מיין פריינדין קריינדל פ.
אין סאַן־פּאַולאָ, בראַזיל.

מיטן דערנענטערן זיך פון פסח איז יוסף וואָלף באַלעגאָלע געוואָרן האַר־פּעריקער, מונטערער און אויפגעלעבטער. עפּעס אַ קלייניקייט — גאַנצע אַכט טעג וועט ער זיין פריי און נישט מאַכן קיין „יאַזדע" מיט דער קאַרעטע און די דריי סוסים פונעם שטעטל ק. אין דער גרויסער שטאָט קאַליש, אין וועל־כער ער פאָרט שוין אַזוי העכער 20 יאָר, סיי זומער אין די גרויסע היצן און סיי ווינטער אין די שנייען און זאַווערוכעס.

ר׳ יוסף וואָלף איז גוט באַקאַנט געווען ביי אונדז אין שטעטל, אין „פּיב־טעס"־געסל. געווען איז ער אַ ייד, וואָס האָט שוין געהאַט אַריבערגעשפּאַנט די זעכציקער. אַבער געווען נאָך אַ זשוואַווע יידל, אַ מיטלוווקסיקער, מיט ברייטע פּלייצעס, אַ גרוי בערדל, אַ ביסל אַ מגושמדיק פּנים מיט גראָבע ליפּן, גרויסע ברעמען, פון הינטער וועלכע עס האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר גרינלעכע אויגן. אין די וואָכנטעג, ווען ער איז געפאָרן צוויי מאָל אין דער וואָך פון שטעטל קיין קאַליש, האָט ער געטראָגן אַ „מאַטשעיעווקע" מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק. נאָר שבת און יום־טוב האָט ער געטראָגן אַ יידיש היטל, אַזוי ווי די איבעריקע יידן פון שטעטל.

זיין ווייב רויזע, אַן עלטערע יידענע מיט שוואַכע אויגן, האָט אים אָפּ־געהיט ממש ווי אַ „קעניג". ווען ער פלעגט קומען פון אַ רייזע און קוים באַ־וויזן אויסצושפּאַנען די פערד, געבן זיי צו פרעסן דעם צוגעגרייטן „אַברעק", האָט רויזע שוין געהאַט צוגעגרייט — ווינטער אַ גוטן הייסן קרויט־באָרשטש מיט קאַרטאָפל, און זומער אין די היצן — אַ קאַלטן שטשאַוו־באָרשטש מיט הייסע, נייע קאַרטאָפעלעך, וועלכע זענען געווען „פּאַרפּוצט" מיט געפּרעגלטע ציבעלעס, אַ מאכל, וואָס איז זיך צעגאַנגען אין אַלע אברים... נאָכן עסן איז ר׳ יוסף וואָלף אַריבער צום שכן הערש „קייסער", דעם טאַנדעט־שניידער, זיך זעצן אויפן גרויסן קאַסטן, אין וועלכן הערש האָט געהאַט ליגן די סחורה פאַרן מאַרק, און מיר, יינגלעך, פלעגן זיך צוהערן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם צו די מעשיות וואָס ר׳ יוסף וואָלף פלעגט דערציילן פון דער „גרויסער וועלט"...

ר׳ יוסף וואָלף איז נישט געווען קיין באַלעגאָלע פאַר זיך, ער איז געווען

אַ משרת ביי די באַלעבאַטים זוויקעלסקי און בער־נחמן באַרנשטיין, וועלכע האָבן געהאַט די חזקה צו שיקן די קאַרעטע צוויי מאָל אין וואָך פון שטעטל קיין קאַליש מיט 6 פּאַרשוינען אינעווייניק און אַ צוויי פּאַרשוינען אויף דער קעל־ביע, בשעת הדחק — אַ צוויי פּאַרשוינען אויפן דאַך פאַר אַ ביליקערן פּרייז, אויף וועלכן עס זענען געווען בעלנים...

דער עלטסטער זון, משה, איז אויך געווען אַ באַלעגאָלע אין דעם דערביי־איקן שטעטל, און דער צווייטער זון איז געווען אַ שניידער, וואָס האָט זיך שוין גערופן אויפן פאַמיליען־נאָמען פרייטלעוויטש. איין טאָכטער כינקע, איז געווען אַ דינסט אין אַן אַנדער שטאָט ביי אַ רייכער פאַמיליע. זי האָט פאַרמאָגט „אַר־טיסטישע פעיִקייטן”, און ווען די אַרטיקע אַמאַטאָרן האָבן געשטעלט די „באַ־רימטע” פּיעסע „כינקע פינקע”, האָט כינקע געשפּילט די הויפּטראָל, און עס האָט זיך אין איר פאַרליבט אַ רייך זונדל, מיט וועלכן זי האָט חתונה געהאַט און איז שוין פאַרבליבן ביים „אַרטיסטישן” נאָמען כינקע פינקע...

ר׳ יוסף וואָלף האָט זיך מיט זיין פאַך נישט געשעמט, חלילה. אדרבא ער האָט זיין מלאכה אויסגעפירט מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייט, געווען אַ בריה אויס־צוזעצן זיינע פּאַרשוינען לויטן אַנזען אָדער פּאָזיציע, וואָס דער פּאַרשוין האָט פאַרנומען אין שטעטל. צו יעדער רייזע האָט ער זיך געגרייט, ווי ער וואָלט באַ־דאַרפט פאָרן מעבר לים. ווינטער האָט ער געטראָגן אַן אויסגעקראָכענעם פעלץ, אַ ירושה פון זיין טאַטן, אַרומגענומען מיט אַ לעדערנעם פּאַסיק, אַ פוטער־היטל איבער די אויערן מיט אַ באַשליק איבערן קאָפּ. ער האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט ערשט אָנגעקומען פון סיביר... און זומער, ווידער — אין אַ צייגענעם כאַלאַט (שטיוול האָט ער געטראָגן סיי ווינטער, סיי זומער). אין גוייִשן היטל מיטן גלאַנציקן דאַשעק איז ער געזעסן אויף דער קעלניע, אַזוי ווי אַ רוסישער גענעראַל אויפן בעסטן פערד... און דערביי האָט ער שטאַרק הנאה געהאַט וואָס מען טרויט אים אָן אַ מנין ייִדן אַריבערצוברענגען אין דער גרויסער שטאָט...

די 49 וויאָרסטיקע נסיעה פונעם שטעטל אין דעם כרך קאַליש, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט און אָפט מאָל מיט נאָך עטלעכע שעה, האָט יוסף וואָלף נישט דורכגעמאַכט אין איין אָטעם, נאָר זיך אָפּגעשטעלט אויף צוויי סטאַנ־ציעס: טורעק און צעקאָוו, ווו ער האָט די פערד אָנגעפּאָיעט, געגעבן צו פרעסן און אויך די פּאַרשוינען האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין די אכסניות אויפן וועג, און גאָר באַזונדערס צו שמחה בונעמען, אונטערצולענען דאָס האַרץ, מאַכן אַ לחיים, און אין דער פרי (עס האָט נישט געשפּילט קיין ראָלע אַ שעה) איז מען מיט גרויס פּאַראַד אַריינגעפאָרן אין דער גרויסער שטאָט אַריין.

יוסף וואָלף האָט ליב געהאַט צו דערציילן מעשיות, פּאַסירונגען, וואָס עס האָבן זיך מיט אים געטראָפן בעת זיינע „יאַזדעס”, און גאָר באַזונדערס איז ער

נישט מיד געוואָרן צו דערציילן אין די לאַנגע ווינטער־אָוונטן וועגן דעם, ווי ער איז מיט 35 יאָר צוריק געפאָרן קיין „ראַסיי״ (רוסלאַנד) זיך צו זען מיט זיין איינציקע שוועסטער, וועלכע האָט געוווינט אין ווייטן קאַווקאַז, און אויפן לאַנגן וועג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין „דעסיי״ (אָדעס), געזען דעם שוואַרצן ים, געווען אין דער פאַרטשטאָט „שוועסטאַפּע״ (סעוואַסטאָפּאָל). די אַלע מעשיות זענען געווען היפּש צוגעשמאַלצן מיט פאַנטאַזיע... דעם אמת געזאָגט, האָט יוסף וואָלף געהאַט אַ באַזונדערן טאַלאַנט צו דערציילן נישט געשטויגענע מעשיות וועגן גזלנים, וועלף, וועלכע זענען אים באַפאַלן אין דעם וואַלד ביי צעקאָוו... און נאָר אַ דאַנק זיין קאַלטבלוטיקייט און די דריי סוסים, די „אָדלערס״, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אין אַ גאַלאָפּ, איז ער בשלום אָנגעקומען אַהיים...

מיר, די קליינע חברה, האָבן די מעשיות אויסגעהערט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. מיר האָבן די אויגן אָנגעשפּיצט און אין מויל אים געקוקט, אַז עס זאָל חס ושלום קיין וואָרט נישט חסר גיין, און ביינאַכט נישט געקענט איינשלאָפן, אָבער מיטן גרעסטן אומגעדולד געוואַרט אויפן ווינטערדיקן אָוונט, ווען יוסף וואָלף וועט ווייטער דערציילן וועגן זיינע פּאַסירונגען אויפן וועג.

איינמאָל, די ערשטע סדר־נאַכט, ווען יוסף וואָלף האָט שוין, אַ ביסל שלעפעריק, געהאַט אָפּגעזאָגט די האַלבע הגדה (מיט אַ נאַכט פריִער איז ער ערשט געקומען פון וועג) און זיך פאַסמאַקעוועט מיט די פיינע כרעמזלעך, פאַרטרונקען מיטן פיינעם ווין פון מעד־ייִד ר׳ יהושע לייב, און זיין ווייב רויזע איז געווען אין אַלקערל, ווו זי האָט זיך געפּאָרעט ביי דער קיך, האָט ער געכאַפּט אַ לייכטן דרימל. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער איז אונטערוועגס און באַרג־אַראָפּ פאַר צעקאָוו, איז ער אַריין מיט איין ראָד אין אַ גרוב און בשום אופן נישט געקענט אַרויס, אַזוי אַז די פאַרשוויצן האָבן אַלע געמוזט צוהעלפן די קאַרעטע אַרויסצושלעפּן פון גרוב, און ער אַליין, יוסף וואָלף, טוט זיך אויך אַ שפּאַר אונטער אַ ראָד און מיטן גאַנצן כוח גיט ער אַ שטופּ! און קראַך... ער האָט אָנגעכאַפּט אַ פוס פון טיש, וועלכער איז שוין שיינע יאָרן געווען אַ קאַליקע נעבעך.... און די כוסות וויין, די מצות, דער טעלער מיט די זרוע זענען אַראָפּגעפאַלן מיט אַ געבראַזגעריי אויף דער פּאָדלאָגע. יוסף וואָלף האָט זיך אויפגעכאַפּט און מיט צעשראָקענע אויגן געקוקט וואָס פאַר אַ חורבן ער האָט אָנגעמאַכט. רויזע איז אַריין פון אַלקערל, האָט די הענט פאַרבראָכן און געשטאַמלט: מנעו! מנעו! וואָס האָסטו, יוסף וואָלף, דאָ אָנגעמאַכט? און ער אַליין האָט זיך די אויגן געריבן, נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס האָט פּאַסירט און געמורמלט: — נו, אַ בייזער וויסטער חלום געווען, זאָל עס געהערן צום פאַרגאַנגענעם יאָר...

— — — — — — — — — — — — — — — —

מיט יאָרן שפּעטער, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער דייטשער מאַיאָר פּרויסקער האָט פאַרברענט קאַליש און איך בין פון חורבן קאַליש אַנט־לאָפן און געפאָרן מיט אַ פויעריש פורל אין שטעטל אַרייַן, האָב איך אויפן וועג געטראָפן גיין אַן עלטערן, באַוואַקסענעם מענטש מיט אַ זעקל אויף די פּלייצעס. איך האָב מיך אייַנגעקוקט אין אים. ער איז מיר געווען קענטלעך, און בין פאַר־ציטערט געוואָרן. עס איז געווען יוסף וואָלף, וועלכער איז אַרומגעגאַנגען בעט־לען אין די נאָענטסטע דערפער אַ שטיקל ברויט און אַ פּאָר קאַרטאָפל. איך בין אַראָפּ פון פורל און אים אָנגעיאָגט. ער האָט מיך דערקענט און אָנגעהויבן צו וויינען, וואָס אויף זייַנע אַלטע יאָרן (ער איז שוין דעמאָלט געווען נאָענט צו די 80 יאָר), מוז ער גיין בעטלען. איך האָב אים געגעבן געלט און בין מיט אים אַרייַנגעפאָרן אין שטעטל. ער האָט געקרעכצט און כסדר געזאָגט: די דייטשן, ימח שמם, האָבן אייַנגעפירט „סאַמאָכאָדן", האָבן זיי מיר די פּרנסה צוגענומען...

# „קאָזעלע מערדער"...

זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען אורן ברייטבאַרד, אָבער קיין ברייטע באָרד האָט ער נישט געהאַט. אין שטעטל האָט מען אים גערופן „קאָזעלע", מחמת ער האָט געהאַט אַ קאָזע־בערדל. געווען איז ער אַ קליין יידל מיט אַ פּאָר גרינלעכע אויגן, וואָס זענען געלאָפן הין און צוריק, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך צו עפּעס געיאָגט... אַ מגושימדיק פּנים און אַ ביינערדיקע, קרומלעכע נאָז. ווינטער אַרבעט ער אין אַן אויסגעקראָכן פּעלצל און אַ פּאָר שטיוול, וואָס האָבן כמעט די גאַנצע פּיס פאַרנומען... זומער — אין אַ צייגן כאַלאַטל און אַ היטל, וואָס איז געווען חצי גויִיש און חצי יידיש, צוגעפּאַסט צו זיין באַלע־גאַלישן פאַך — דאָס איז געווען קאָזעלע.

כל ימיו איז קאָזעלע געפאָרן מיט זיין אויסגעדאַרטן פערדל, וועלכן ער האָט אממיינסטן געגעבן צו עסן „שעטשקע" און נישט קיין האָבער, אַזוי ווי אַנדערע באַלעגאָלעס. געפאָרן אין קאָזעלע יעדע וואָך פון שטעטל אין שכנות־דיקן שטעטל ברענגען סחורה — בעטציג וואָס מ'האָט דאָרט אויסגעאַרבעט און מען האָט עס פאַרקויפט אויף די ירידים דינסטיק און פרייטיק צו די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער. אָפט מאָל פלעגט קאָזעלע אויפן וועג מיט־נעמען אַ „פאַרשוין" פּאָר צוויי גילדן, אָדער סתם אַ פּאַסאַזשיר, וועלכער האָט געזוכט אַ ביליקע יאַזדע...

קיין גרויסער תלמיד־חכם איז קאָזעלע נישט געווען, אויך נישט שטאַרק געווען אָפּגעהיט מיט אַ מנחה־מעריב. אַ פּראָסטער חי־וקים, אָבער אַ ייִד וואָס פלעגט פון מאָל צו מאָל פאַרבלאָנדזשען אין בית־המדרש און זיך צו־געהערט ווי ר' יאַנקל האָט געלערנט אַ שטיקל „עין יעקב". קיינער אין שטעטל וואָלט נישט געגלייבט, אַז דער דאָזיקער קאָזעלע, וועלכער האָט געהאַט אַ פייִנעם זון, סענדער, זאָל קענען זיין אַ מערדער, און דערצו פון אַ ייִד פונעם נאָענטן שטעטל. וועלכן ער האָט געפירט ווי אַ „פאַרשוין" אין דעם צווייטן שטעטל אַריין. ביז מיט יאָרן שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט פון דער מעשה און דאָס שטעטל איז אויפגעציטערט געוואָרן.

געווען איז עס באַלד נאָך סוכות. די טעג זענען שוין געווען קילע, אָסיען־צייט. קאָזעלע האָט, ווי שטענדיק, געמאַכט זיין „יאַזדע" אין דעם צווייטן שטעטל און האָט מיטגענומען אַ ייִד, וועלכער איז געקומען אין אונדזער שטעטל, ווו ער האָט פאַרקויפט זיין סחורה און די עטלעכע און צוואַנציק רובל

איינגעניית אין ארבע־כנפות, מיטגענומען עפּעס צדה לדרך אויף אַהיים צו פֿאָרן צו ווייב און קינדער.

קאָזעלע איז פֿון דעם געוואָיר געוואָרן. ער האָט ביים ייִד געזען זילבערנע רובלס. זיינע גרינע וואַסערדיקע אייגעלעך האָבן אויפגעבליצט מיט אַ באַהאַל־טענעם פייער, דער מוח האָט אָנגעהויבן אויסצואַרבעטן אַ טייוולאָנישן פּלאַן. דער יצר־הרע נאָכן געלט האָט אים געמאַטערט און נישט געגעבן קיין רו און אין די פינצטערע מינוטן האָט ער באַשלאָסן דעם ייִד אָפּצוראַמען פון וועג...

אָפּפּאָרנדיק אַזוי אַ צען וויאָרסט פון שטעטל, אין דעם נאָענטן וועלדל, האָט זיך קאָזעלע געוואָרפן אויף זיין קרבן, אים דערשטיקט, צוגענומען דאָס געלט און איז מיט אים צוגעפֿאָרן צום דאָרף קאָשטשעלעץ, באַגראָבן אים האָרט ביים שאָסיי, איז צוריקגעפֿאָרן אין שטעטל מיטן פדיון פון ייִד, אַריינ־געלייגט זיך אין בעט, גלייך ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען און קיינער האָט נישט געוווּסט אַז דער ייִד איז געפֿאָרן מיט קאָזעלען.

אין דעם צווייטן שטעטל איז געוואָרן אַ יללה, אַ יאָמער. דאָס ווייב, וועל־כע האָבן דערוואַרט איר מאַן וואָס איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן, האָט גענומען איינ־רייסן וועלטן. מען האָט אָנגעהויבן זוכן, פֿאָרשן. דער משומד קאָגאַן, דער סטאַרשע סטראַזשניק פון שטעטל, האָט באַפוילן די סטראַזשניקעס אַרויסצו־פֿאָרן אין די דערפער. מען האָט אַזוי לאַנג געזוכט, ביז מען האָט דעם גוף געפֿונען אין דעם דאָרף קאָשטשעלעץ. מען האָט דעם מת געבראַכט צו קבר־ישראל, אָבער קיינער האָט נישט חושד געווען, אַז דאָס איז די אַרבעט פון קאָזעלען. ער איז טאַקע נישט געווען אַזאַ אָפּגעהיטער ייִד, אָבער דאָך אַ ייִד. אַזאַ שרעקלעכע פּאַסירונג האָט זיך נאָך קיין מאָל נישט געטראָפֿן אין שטעטל. לאַנגע חדשים האָט מען אין שטעטל גערעדט וועגן דעם וואָס ס׳האָט פּאַסירט, ביז מען האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרגעסן.

חדשים און יאָרן זענען געלאָפֿן. קאָזעלע איז ווייטער מיט זיין וועגעלע און שקאַפּע געפֿאָרן אין צווייטן שטעטל, גלייך ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען. מען האָט שוין אָנגעהויבן אין גאַנצן פֿאַרגעסן וואָס עס איז פֿאָרגעקומען מיט עטלעכע יאָר צוריק.

מיט אַן ערך צען יאָר שפּעטער איז קאָזעלע פּלוצים קראַנק געוואָרן און האָט מער נישט געקענט מאַכן זיינע „יאַזדעס" אין דעם צווייטן שטעטל. אָפּ־געלעגן עטלעכע טעג אין בעט, האָט מען צו אים גערופֿן ר׳ שואל סטאַרשע פעלדשער, וועלכער האָט אים, ווי זיין שטייגער, פֿאַרשריבן ריצנאייל, גע־שטעלט באַנקעס און געמאַכט אַ קאַנע. אָבער עס איז קאָזעלען נישט בעסער געוואָרן, נאָר פֿאַרקערט, ערגער. ער איז געלעגן אין זיין שטיבל. די אַרויסגע־שטאַרטשעטע צעשראָקענע גרינע אויגן האָבן געקוקט אַרויף צום סופיט. ער

איז געוואָרן געל און איינגעדאַרט, געדעדט האָט ער מיט אַ שוואַכער שטימע, וואָס האָט געציטערט און אָפּט מאָל האָט ער פון שלאָף גערעדט עפּעס אומ־פאַרשטענדלעכע ווערטער, וואָס מען האָט נישט פאַרשטאַנען...

אַז קאָזעלע האָט געזען אַז זיין סוף דערנענטערט זיך, האָט ער געבעטן זיין ווייב רויזע, אַז זי זאָל אים רופן דעם רב, ווײַל ער וויל איבערגעבן עפּעס וויכטיקס. זיין ווונטש איז דערפילט געוואָרן: דער רב איז געקומען און קאָ־זעלע האָט מיט אַ פאַרשטיקט געוויין דערציילט דעם רב, אַז ער האָט דעם ייִד דערהרגעט מיט צען יאָר צוריק, און געבעטן אַז ער זאָל אים אַרויסגעבן אַ תשובה.

וואָס דער רב האָט מיט קאָזעלען גערעדט איז געבליבן אַ סוד. אין צוויי טעג אַרום איז קאָזעלע אין שרעקלעכע יסורים געשטאָרבן, און לאַנג האָט זיך דער זון סענדער געאַמפּערט מיט דער חברה־קדישא וועגן דער קרקע, ווייל מען האָט אים געוואָלט באַגראָבן ביים פּלויט. לאַנג נאָך דעם האָט דאָס שטעטל געהאַט וואָס צו ריידן, און מען האָט דערמאָנט מיט פאַראַכטונג דעם נאָמען „קאָזעלע מערדער״.

# דער געלער שמעון

ר׳ מאיר קצב האָט געשמט אין שטעטל אַלס ערלעכער, אָפּגעהיטער ייִד. זיך נישט געשאָלטן אין יאַטקע ווי ס׳רוב קצבים, נאָר פּאַרקערט, מיט יעדן גע־רעדט אידל, פיין; יעדן געזאָגט אַ גוט־מאָרגן, אָפּגעהיט דאָס דאַווענען דריי מאָל אַ טאָג, בין מנחה למעריב געהערט לערנען אין בית־המדרש ר׳ יאַנקל בדחן, אַ שטיקל „עין יעקב״, אָדער „חיי אדם״. ביים אויסגעקרומטן טיש מיט די צוויי ליכטלעך, זענען געזעסן נאָך ייִדן: קצבים, פישער, דאָרפס־גייער און בעלי־מלאכות, אָבער אַ טייל האָבן בעת דעם לערנען געכאַפּט אַ געשמאַקן דרימל, אַנדערע האָבן שטילערהייט געשמועסט מכוח אַ פאַרדינסטל ביים פּריץ אין גרויס אָשעק, אָבער ר׳ מאיר איז געזעסן, זיך גוט צוגעהערט, געשלונגען ממש יעדעס וואָרט וואָס ר׳ יעקב האָט אַרויסגעזאָגט און הנאה געהאַט.

זיין ווייב שרה איז געווען די אמתע אשת־חיל, אַ גוטמוטיקע, שטענדיק מיט אַ שמייכל. זי האָט צוגעהאָלפן דעם מאַן אין דער יאַטקע און שפּעטער געטראָגן אין די גבירישע הייזער חלקים פלייש, און אין פינטעס געסל האָבן ווייבער אויף איר געזאָגט: אַז דאָס איז אַ שטילע טויב, קיין גאַל האָט זי נישט, די שרה. זי פלעגט נישט געבן די אָרעמע ווייבער ווי אַ „צולאָג״ ביינער, ווי אַנדערע קצבים האָבן דאָס געטאָן, דערפאַר האָט מען איר געווונטשן אַלדאָס גוטס.

פון די קינדער האָבן מאיר און זיין ווייב קיין גרויס נחת נישט דערלעבט. דער עלטסטער זון, שאול, איז געווען אַ קראַנקער, אַן אַסטמאַ־ליידנדיקער; אין געסל האָט מען אים גערופן „דער זדעכלאַק״. אַז ער איז פאַרטאָגס געגאַנגען אין בית־המדרש, האָט מען פון ווי וויט שוין געהערט זיין הוסטן. „פון אים, — האָט מען געזאָגט, — וועט שוין קיין לייט נישט זיין״.

דער ייִנגסטער, יצחק, איז געווען אַ יונג אַ ברען, מיט פייערדיקע אויגן און אַ פּנים — בלוט און מילך. איז אָבער געווען אַן אַנדער צרה: ער האָט געהערט צו „יענער חברה״; אַן אחדות־יונג געווען. מיט יעקב־וואָלף דעם פירער, וואָס האָט געהאַט שוואַרצע לאָקן און געטראָגן אַ שוואַרצע פּעלערינע, איז יצחק גע־ווען אַ גאַנצער מחותן, און דערפאַר האָט אויך ר׳ מאיר אויף אים מיט דער האַנט אַ מאַך געטאָן...

די גרעסטע צרות האָט ר׳ מאיר געהאַט אויסצושטיין פונעם מיטלסטן זון, דעם געלן שמעון.

שמעון איז געווען אַ געלער, אַ געזונטער יונג, וועלכער האָט שטאַרק נישט קיין חשק געהאַט צו גיין אין חדר. ער האָט בעסער געוואָלט אַרומלויפן אַרום שאַטאַנס שפּייכלער, שפּילן פּאַלאַנט, קליפּע מיט די שקצים, זיך באָדן אין דער וואַרטע, יאָגן די קאָזעס (ציגן) וועלכע האָבן פראַנק און פריי אַרומשפּאַצירט אין שטעטל, אָוועקכאַפּן ביי די חדר־ייִנגלעך די ווענדקעס, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעגרייט אויף תשעה־באָב, פיש צו כאַפּן. גאַנץ אָפט זענען מאַמעס געקומען צו שרהן דער קצבטע, אַז זי זאָל איר תכשיט אויסמוסרן, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן — דער יונג איז ערגער געוואָרן פון טאָג צו טאָג.

ווען ער איז נאָך אין חדר געגאַנגען ביים דרדקי־מלמד אַנשל ביק, האָט ער שוין אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו גנבות. פון די קינדער־קעשענעס האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן: קנעפּ, בלייערס, אַ מאָל אַ מעסערל און וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט, ביז מען האָט אים פון אַנשעלס חדר אַרויסגעוואָרפן.

פאַרשטייט זיך אַז קיין גרויסער תלמיד־חכם איז דער געלער שמעון שוין נישט אויסגעוואַקסן, דערפאַר אָבער איז ער געוואַקסן אַ גרויסער טאַלאַנט אין הלכות גנבות... ער האָט אָנגעהויבן „קינסטלעריש" אַרויסצוציִען ביי די פּויערים אויפן מאַרק בייטעלעך פון די הויזן־קעשענעס און פּאָרטפּעלן פון די בוזים־קעשענעס. דערביי האָט ער „אַרטיסטיש" געאַרבעט, מיט עפּעס אַ שטיקל שמאַטע אין איין האַנט, האָט ער פאַרשטעלט, און מיט דער צווייטער האַנט האָט ער פון די קעשענעס געשלעפּט...

שפּעטער אַ ביסל האָט ער געמאַכט שותפות מיט דעם שטומען איציק, דעם פּראָפעסיאָנעלן טאַשן־ציִער, אָדער ווי מען האָט אים אין שטעטל גערופן: „איציק בענקאַרט".

מען קען זאָגן, אַז ביי די שטעטלדיקע ייִדן האָט דער געלער שמעון נישט „פאַרדינט" (ד"ה ער האָט נישט אַרויסגעצויגן קיין בייטעלעך), דערפאַר אָבער האָט ער אַ סך ייִדן אָנגעטאָן גרויסע צרות.

ווען כאַסקל „זשרעבעק" (ער האָט געהאַט אַ פערדל וואָס מען האָט גערופן זשרעבעק) איז געקומען צום וואַסער „אָנצופּאָיען" זיין דאַרע שקאַפּע, האָט זיך דער געלער שמעון אַרויפגעכאַפּט אויף דער שקאַפּע און פייל פון בויגן אָוועקגעריטן אַזש ביז צום דייטשן לערער. כאַסקל האָט געשריגן, געמאַכט גוואַלדן, געשאָלטן, אָבער שריי חי וקים, — דער געלער שמעון איז פאַרשוווּנדן, ווי אין וואַסער אַריין.

ווען דוד „קוּשיווי פּיסק" האָט חתונה געהאַט מיט די בלינדע גיטל (זי איז נאָר געווען בלינד אויף איין אויג...) און חתן־כלה האָבן זיך פון דער חופּה ביים שול אַריינגעזעצט אין יאַרעך הויקערס קאַרעטע אַהיים צו פאָרן, האָט דער גע־

לער שמעון אָנגעכאַפּט אַ ראָד פון דער קאַרעטע, און בײדע פערד, דער אָגער און דער קאַשטאַן, האָבן נישט געקענט, — נישט אַהין און נישט אַהער...

דאָס שטעטל האָט פאַר אים אָנגעהויבן מורא צו האָבן, בפרט נאָך, אַז ער איז געוואָרן אַ גאַנצער שמעלקע מיט קאַגאַן משומד, דעם סטאַרשי סטראַזשניק. מען האָט אַפילו געזאָגט, אַז פון יעדן „פאַרדינסט" וואָס דער געלער שמעון מאַכט, באַקומט דער משומד אַ חלק, און אַז מען כאַפּט אים אַ מאָל אויפן מאַרק און מען זעצט אים אײַן אין דער „קאָזע", לאָזט אים באַלד דער משומד אַרויס דורך דער הינטער־טיר. ס'איז דאָך פּאָניע חזיר מיט אַ ייִדיש קעפּל...

אַזוי איז די צײַט געלאָפן און שמעון גנב איז געוואַקסן און צוזאַמען מיט אים איז אויך זײַן גנבישער טאַלאַנט געוואַקסן. טאַטע־מאַמע האָבן גרויס צער דערפון געהאַט, אָבער זיך נישט געקענט העלפן.

עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. די ערשטע צײַט איז דער יונג ערגעץ אַוועק און ווען די דײַטשן האָבן זיך שוין פעסט באַזעצט אין שטעטל, איז ער אויך צוריקגעקומען און ווייטער געאַרבעט בײַ זײַן „פאַך"; געפאָרן אויף מערק, באַאַרבעט פּויערים, געהאַט געלט, געגאַנגען שיין אָנגעטאָן, פיינע געמזענע שטיוועלעך מיט לאַקירטע כאַלעווקעס, אַ שפּיצרוט אין האַנט, דאָס היטל פאַררוקט אין אַ זײַט און זיך אונטערגעפייפט אַ וווּליוונגעריש לידל.

איין מאָל אין אַ זומער, ווען די מאַנופאַקטור איז שטאַרק געשטיגן און דער רײַכער מאַנופאַקטור־סוחר מאיר ווינטער, מיט נאָך עטלעכע סוחרים זענען מיט גרעסערע סומעס געלט געפאָרן נאָך סחורה קיין לאָדזש, זענען זיי אין וועג באַפאַלן געוואָרן פון דריי באַנדיטן מיט געווער אין די הענט. די באַנדיטן האָבן בײַ זיי צוגענומען דאָס גאַנצע געלט. איינער פון די דריי באַנדיטן איז געווען דער געלער שמעון.

אַ היים קומענדיק אין שטעטל, האָבן די סוחרים געמאָלדן דער פּאָליציי, וועלכע האָט טאַקע באַלד צומאַרגנס די באַנדיטן געכאַפּט. די צוויי שקצים און דעם געלן שמעון האָט מען געשמידט אין קייטן און געבראַכט אין שטעטל אַרײַן. אין דריי טעג אַרום האָט דאָס דײַטשע פעלד־געריכט אַרויסגעטראָגן דעם פּסק־דין, אַז אַלע דריי ווערן פאַרמשפּט צום שיסן.

אין איינעם פון די לעצטע תמוז־טעג, ווען די זון איז נאָך געשטאַנען אַ הייסע, אַ צעגליטע, די ביימער זענען נאָך געווען באַדעקט מיט גרינס און די וואַרטע איז זיך, אַזוי ווי שטענדיק, רויִק געפלאָסן, האָט דאָס שטעטל אויסגעזען טרויעריק, מרה־שחורהדיק. אין דער פרי ביים ערשטן מנין האָט מען זיך אין בית־המדרש איבערגעגעבן די טרויעריקע ידיעה, אַז היינט וועט עס געשען. די דײַטשע זשאַנדאַרמען און זעלנער האָבן אָנגעטאָן די שפּיציקע היט, וועלכע

האָבן געפינקלט אַנטקעגן דער ליכטיקער זון, דאָס האָט מען צוגעגרייט דעם פּאַראַד צו דער עקזעקוציע.

אַ פלוטאָן זעלנער מיט עטלעכע אָפיצירן אין מעשענע העלמען האָבן אַוועקמאַרשירט מיט אויפגעשטעלטע באַגנעטן אין דעם נאָענטן וועלדל „טומידיי", ווו די עקזעקוציע האָט געדאַרפט אויסגעפירט ווערן.

די יוגנט איז געלאָפן, געוואָען נייגעריק. מען האָט אָבער די קאַלישער פאַרשטאָט — וואָס האָט געפירט צום וועלדל — אָפּגעשלאָסן. עלטערע יידן זענען אין די הייזער געבליבן, געשאָקלט מיט די קעפּ און געקרעכצט. — „אַ רחמנות נעבעך אויף ר' מאירן, — האָבן זיי געזאָגט, — שיין דערלעבט, השם יתברך זאָל היטן פון אַזאַ דערלעבעניש". מען האָט שפּעטער דערציילט, אַז שמעון האָט דעם רב נישט צוגעלאָזט צו זיך כדי זיך מתוודה צו זיין. מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ איז ער געגאַנגען צום בערגל, ווו דריי קברים זענען שוין געווען אויסגעגראָבן. קוים 23 יאָר איז ער אַלט געווען, ווען ער האָט מיט דער וועלט געענדיקט...

און ווען עס האָט זיך פון דער ווייטנס דערהערט דער זאַלפּ פון צען ביקסן מיט אַ מאָל, האָט זיך ביי יעדן אַן „אוי" אַרויסגעריסן. מען איז אַזוי ווי פאַרגליווערט געוואָרן און אין הארצן האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן...

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

דעם ערשטן שבת נאָך דער עקזעקוציע האָבן הונדערטער מענטשן געשטראָמט צום וועלדל „טומידיי", צו זען די פרישע קברים און צווישן זיי דאָס קבר פון געלן שמעון.

ר' מאיר קצב איז ווידער אין בית־המדרש געגאַנגען. די אויגן אָבער זענען ביי אים אויסגעלאָשן געוואָרן, דעם קאָפּ האָט ער באַהאַלטן טיף אין די אַקסלען, די באָרד איז ממש ווייס געוואָרן, עס האָט ביים האַרצן געשניטן.

שרה, זיין ווייב, איז קראַנק געוואָרן, געלעגן אין בעט. אין געסל האָט זיך באַוויזן דער אַלטער ר' שואל, דער סטאַרשי פעלדשער, מיטן שוואַרצן אָפּגעריבענעם קעסטל. און אַזוי איז ער עטלעכע מאָל געקומען צו שרהן דער קצבטע.

אמת, ר' שואלס „מעדיצינען" האָבן מן הסתם נישט געשאַדט, אָבער אויך נישט געהאָלפן. מען האָט גערופן דעם דאָקטער באַרצעוויטש, וואָס האָט גערעדט גיך ווי אַ ווינט־מיל, נישט אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט האָט מען פאַרשטאַנען. איבער פענצטער האָט מען געזען אָנגעשטעלט פלעשלעך מיט פאַרשידענע רפואות. שרה האָט זיך באַקלאָגט אויפן האַרץ. מען האָט אין בית־המדרש תהילים

געזאָגט און פאַר איר געזונט געבעטן און עס איז איר נישט בעסער געוואָרן. גראָד צו די צוויי וואָכן איז זי געשטאָרבן.

אַ גרויסע לוויה האָט זיך געצויגן פון ר׳ משה מליניקערס הויז, ווו ר׳ מאיר האָט געוווינט. מען האָט שרהן באַדויערט. „אַן אמתע צדקת געווען, אַ מאַמעס האַרץ,, — האָבן ווייבער פון געסל געזאָגט, — האָט נישט געקענט אויסהאַלטן, עס האָט געפּלאַצט״...

# אברהם יעקב באַנד

אַ הויכער, מיט ברייטע פּלייצעס, שוואַרצע ביסטרע אויגן, דיקע ברעמען, אַרויפגעדרייטע וואָנצעס און אַ געגעראַלסקע באָרד, צעקעמט אויף צוויי זייטן, שטענדיק מיט אָפּגעפּוצטע שטיוועלעך, שבת און יום־טוב האָט ער געטראָגן אַ האַרטן קאַפּעליוש, — אָט דאָס איז געווען אברהם יעקב באַנד.

פּרנסה האָט אברהם יעקב געשעפּט דערפון, וואָס ער האָט געהאַט אַ שענק אויפן נייעם מאַרק, אַנטקעגן דעם בית־המדרש, ווו נאָכן דאַוונען מנחה ומעריב פלעגן זיך צונויפקומען קצבים, פישער, דאָרף־גייער, בהמות־הענדלער און סתם ווילע יונגען. פלעגט מען זיך אַוועקזעצן ביי אַ געבראָטן גענדזל, אָדער ביי אַ טעלער פון פּיפּעקלעך, לעבערלעך, צו טרינקען אַ פלעשל בראָנפן און עטלעכע קופלעס ביר פון קאָוואַלסקיס ברויערײַ. עס האָט קיין מאָל נישט געטראָפן, אַז די „גוטע ברידער" זאָלן זיך אַוועקזעצן ביי אַ טישל און אברהם יעקב זאָל עס פאַרשעמען און נישט מיטעסן, אָדער מיטטרינקען, באַצאָלט האָבן, פאַרשטייט זיך, די גוטע ברידער... געווען אַזעלכע וועלכע דאָס עסק האָט פאַרדראָסן, מחמת אברהם יעקב האָט געהאַט אַ גאַנץ נישקשהדיקן אַפּעטיט, קיין עין־הרע. אָבער קיינער האָט זיך מיט אברהם יעקבן נישט געוואָלט איינרייסן, ווייל צו אים אין שענק איז געקומען די גאַנצע רוסישע נאַטשאַלסטווע. שוין נישט ריידנדיק פון דעם סטאַרשי סטראַזשניק, קאַגאַן דער משומד, וועלכער איז דאָרט געווען אַ גאַנצער תושב, נאָר אַפילו דער נאַטשאַלניק סטראַזשעמסקי אַליין איז געווען פאַן־בראַט מיט אברהם יעקבן, וועלכער איז אין שטעטל אַנגעגאַנגען ווי אַ גאַנ־צער שתדלן ביי נאַטשאַלסטווע, צוליב דעם וואָס ער האָט געקענט גוט רוסיש (זיין פאָטער, „איציק זעלנער", האָט געדינט ביי פאָניען גאַנצע 25 יאָר) און אויך צוליב דעם, וואָס ביי אים אין שענק האָט מען געקענט באַקומען דאָס עכט ביסל בראָנפן און דערצו אַ גוטן צובייס. האָט וועער געהאַט אַ צרה, אַ שטראָף אָפּצוזיצן אין דער „קאָזע", איז מען באַלד געלאָפן צו אים און פאַר אַ גוט ביסל בראָנפן מיט אַ פערטל גענדזנס און עפּעס אין דער יד אַריין, האָט אברהם יעקב דערליידיקט דעם ענין.

אָט אַזוי האָט אברהם יעקב געלעבט זיינע יאָרן אין שטעטל, געווען אַ גור־טער ברודער, נישט מורא געהאַט פאַר קיינעם, בפרט נאָך, אַז ער איז געווען פון דער משפחה מאַכליאַקעס, די גבורים פון שטעטל, פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט — נאַטשאַלסטווע. איז ער טאַקע געווען דער תקיף, דער דעה־

לאַגער אין קהלשע זאַכן. שבת אין שול האָט מען אים מכבד געווען מיט די שענ־סטע עליות, און יעדעס יאָר ווען מען האָט געהאַלטן ביים פּריזיוו, איז מען גע־לאָפן צו אברהם יעקבן ווי צו אַ גוטן ייִד, להבדיל...

אַזוי האָט זיך אברהם יעקב געלעבט ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיטן אויסברוך פון דער מלחמה איז אויך געקומען אַן ענדערונג אין אברהם יעקבס לעבן.

באַטשאַלסטווע איז אין איילעניש אַוועק פון שטעטל. דער פּדיון אין שענק איז שוואַכער געוואָרן. דאָס מיליטער האָט זיך אָפּט געטוישט: אַ מאָל די רוסן, אַ מאָל די דייטשן. דאָס שטעטל האָט זיך צעטיילט אין צוויי לאַגערן: איין לאַ־גער האָט געהאַלטן מיט פּאַניען, אַז נאָר ער וועט זיגן, און דער צווייטער לאַ־גער האָט אויפגעוויזן באותות ומופתים, אַז לויט דער טעכניק און לויט די כלי־זין וועט נאָר דער דייטש זיגן. עס פאַרשטייט זיך אַז אברהם יעקב איז געווען אַ „פאַרברענטער" רוס און נישט זיכער איז געווען מיטן לעבן יענער וואָס האָט געפּרוּווט זאָגן, אַז די דייטשן וועלן געווינען די מלחמה. אברהם יעקב איז גע־וואָרן אויפגעקאָכט, מען האָט מורא געהאַט, מען האָט געציטערט, אַז אָט, אָט כאַפּט ער אַ קופל ביר און גיט יענעם איבערן קאָפּ... בכדי יענעם צו געבן צו „פאַרשטיין" אַז די רוסן מוזן זיגן. „די מלחמה, — האָט ער געזאָגט, — וועט זיך ענדיקן און באַטשאַלסטווע וועט צוריקקומען, און אַלץ וועט זיין אַזוי ווי פריִער".

דאָך, ווען די דייטשן זענען געווען אין שטעטל עטלעכע וואָכן, האָט אברהם יעקב מיט זיי אָנגעקניפּט קאָנטשאַפט. דייטשע זעלנער און וואַכמייסטערס זענען ביי אים געזעסן אין שענק, געזופט די קופלעס ביר, געררויכערט ציגאַרן און גע־געבן צו לייזן. דעמאָלט האָט מען אין שטעטל איבערגעגעבן בסוד סודות, אַז נישט אַנדערש נאָר אברהם יעקב מוז זיין אַ שפּיאָן.

דאָס וואָרט „שפּיאָן" האָט מען אַרויסגעזאָגט מיט גרויס ציטערניש, גלייך ווי מען וואָלט זיך אַליין פאַר דעם דערשראָקן.

איין מאָל, אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן טאָג, נאָך דעם ווי די דייטשן זענען שוין אין שטעטל געווען עטלעכע חדשים, און מען איז שוין געווען זיכער אַז זיי וועלן שוין דאָ איבערבלייבן ביז איבער די מלחמה, האָט מען באַמערקט אַ גרויסע בהלה. שנעל האָבן זיי אַלץ פאַרפּאַקט, אַרויסגעפירט וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט און זיך געגרייט צו אַנטלויפן. מען האָט שוין געוווּסט אַז די רוסן זענען שוין נישט ווייט פון שטעטל און ליאַדע טאָג וועלן זיי אָנקומען. שקצים און סתם ליידיקגייער זענען געוואָרן האָפערדיק. איצט וועלן „אונ־דזערע" קומען! אַ שרעק האָט אַלעמען אַרומגענומען, מען האָט מורא געהאַט אַז אַ שרעקלעכע זאַך וועט געשען. און ס'איז ווירקלעך געווען פאַרוואָס

זיך צו שרעקן. אינסטינקטיוו האָט יעדער געפילט, אַז אברהם יעקב איז איינ־געשטעלט מיטן לעבן. געווען גוטע ברידער וועלכע האָבן אים געוואָרנט, אַז ער זאָל זיין פאָרזיכטיק, אָבער ער האָט זיך אויסגעלאַכט. און צוזאַמען מיט עטלע־כע דייטשע זעלנער האָט ער זיך אַריבערגעשיפט אין אַ שיפל איבער דער וואַר־טע, מחמת די בריק איז געווען צעשטערט, און פון דאָרט איז ער אַוועק אין נאָענטן שטעטל, ווו עס זענען געווען די רוסן, וועלכע אברהם יעקב האָט גע־האַלטן פאַר זיינע פריינט.

ער האָט אָבער אַ ביטערן טעות געהאַט. נאָך עטלעכע שעה זיין אין שטעטל, האָט מען אים אַרעסטירט און אַוועקגעפירט אין דער רוסישער קאָמענדאַטור, ווו מען האָט אים באַשולדיקט אַז ער איז אַ דייטשער שפּיאָן. עס האָט נישט געהאָלפן זיין פאַרטיידיקן זיך און זיין גוט רוסיש רעדן, אַז ער איז טריי דעם רוסישן צאַר און אַז זיין פאָטער איציק זעלנער איז אַ רוסישער פּאַטריאָט און האָט געדינט 25 יאָר אין דער רוסישער אַרמיי. עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, דער פסק־דין איז געפאַלן: טויטשטראָף.

מען האָט דעם זשיד־שפּיאָן אין נאָענטן וועלדל כאַדאָווע אַוועקגעפירט, געגעבן אים אַ לאָפּעטע אַז ער זאָל אַליין זיין קבר גראָבן, קאָזאַקן האָבן אים מיט נאַגייקעס געשלאָגן, אים די באָרד אויסגעריסן, און אַ לעבעדיקן האָט מען אים אין גרוב אַריינגעוואָרפן.

האַלב חודש כסלו איז עס געווען. די לבנה איז אַ בלאַסע געשווומען אי־בערן לויטערן הימל און זיך צוגעקוקט צו דער שוידערלעכער עקזעקוציע. די לבנה האָט געשיינט און באַלויכטן דעם אַרומיקן שטח, אָבער אברהם יעקבס פּנים איז געווען פינצטער, אַזוי ווי סוף חודש. אין דער שפּעטער נאַכט־שעה האָט ער מיט אַ לייבן־קול אַרויסגעדונערט די לעצטע ווערטער זיינע שמע ישראל.

— — — — — — — — — — — — — — — —

מיטן אַריינקומען פונעם רוסישן מיליטער אין שטעטל, זענען נאָך צוויי ייִדן דערהרגעט געוואָרן: ר׳ חיים אילאָווסקי און דער זייגערמאַכער ליפּקע. ס׳איז געווען תשעה באָב אין שטעטל. אָבער גערעדט האָט מען אַלץ וועגן אברהם יעקב באַנד, וועלכער האָט געהאַט אַזאַ שרעקלעכן סוף און וועלכער איז זיך אַליין שולדיק געווען אין זיין טויט. מען האָט אויך באַדויערט זיין 15־יעריקע טאָכטער וועלכע איז אין דער זעלבער צייט דערהרגעט געוואָרן פון אַ גראַנאַט. גאָטס צאָרן — האָט מען געזאָגט — האָט זיך אויף זיי אויסגעגאָסן. און נאָך לאַנג האָט מען אין שטעטל פון דעם אומגליק גערעדט.

נאָך דער מלחמה איז די חברה קדישא געפאָרן אין דעם וועלדל און דעם גוף פון אברהם יעקב באַנד געבראַכט צו קבר ישראל.

# יחיאל קלעזמער מיט זיין קאַפּעליע

אין שטעטל האָט מען זיך נישט געקענט פאָרשטעלן קיין חתונה אָן יחיאל קלעזמערס קאַפּעליע, וואָס האָט געהאַט אַ שם אין אַלע שכנותדיקע שטעטלעך. אומעטום, אַפילו אין די פּריצישע הייף אויף די בעלער, און אויף די רייכע פּוילישע „וועסעלעס" האָט מען גענומען דעם יידישן קלעזמער, וואָס האָט אַריינגעבראַכט הייטערקייט און פריילעכקייט אין אַלע הערצער, וועלכע האָבן אים נאָר געהערט שפּילן, אים מיט זיין קאַפּעליע.

אַליין האָט ר' יחיאל נישט געקענט קיין נאָטן. ער האָט דאָס באַדאַרפט אויף כפּרות. אָן נאָטן האָט מען אויך פון אים געהאַלטן אַ וועלט. דאָס קלעזמער־פאַך האָט ער געירשנט פון זיין טאַטן. נאָך פון קינדוויז אָן האָט ער צוגעהאָלפן זיין טאַטן שפּילן אויף חתונות. שפּעטער, אויף די עלטערע יאָרן האָט ער שוין די תורה פון שפּילן פון אינעווייניק נישט געוואָלט און נישט געהאַט קיין געדולד אויסצולערנען. ער האָט נישט געהאַט קיין קאָפּ דערצו. דערפאַר אָבער האָט ער שוין זיין זון, זלמן „די ערשטע פידל" — געלאָזט לערנען נאָטן, „די פייגלשריפט", ווי ער האָט גערופן די מוזיקאַלישע צייכנס. ער האָט אים געשיקט, דעם געראָטענעם זון, אין דער רוסישער שקאָלע, ווו ער האָט זיך גוט געלערנט, געקריגן אויסצייכענונגען און געוואָרן אַ גאַנצער קענער אין שטעטל. צו זלמנען איז מען געקומען שרייבן פּראָשעניעס, בריוו און אַדרעסן וואָס יידן האָבן באַדאַרפט שיקן קיין אַמעריקע און אויך איבערלייענען פאַרשידענע פּאַפּירלעך וואָס מען האָט באַקומען פון נאַטשאַלסטווע.

יחיאל קלעזמער איז געווען אַן אָפּגעהיטענער ייד, כאָטש ווייט פון זיין אַ פרומער. דאָך פלעגט ער נישט אַדורכלאָזן קיין מנחה־מעריב אין שטעטלדיקן בית המדרש, מחמת עס וואָלט אים חלילה געקענט שאַטן צו זיין פּרנסה. ער איז געגאַנגען קורץ געקליידט, מעשה דייטש. זומער האָט ער געטראָגן אַ העלן אנצוג מיט אַ ווייסער סטוטשקע וועסט. די גאָלדענע געפלאָכטענע קייט מיטן אָנגעהאָנגענעם מעדאַליאָניקל האָט זיך גדלותדיק געבאָמבלט פון דרויסן אַזוי ווי עס וואָלט דערציילט אַז אין דעם וועסטל־קעשענע ליגט ברחבה די חתונה־מתנה — אַ זילבערנער זייגער מיט אַן אויסגראַווירטן דעקל. אין דער זייגערקייט איז אויך צוגעטשעפּעט געווען אַ גאָלדענע מיניאַטורקע, וואָס האָט פאָרגעשטעלט דעם קאָפּ פון רוסישן קייסער; מיט אַ קורץ געשוירן מערדל מיט בייזע אויגן וואָס האָבן געקוקט ערגעץ ווייט... די דאָזיקע מתנה האָט ער באַ־

קומען פון אַ פריץ — פאַר זיין שפילן און משמח זיין דעם פריצס האַרץ.

שטענדיק האָט מען ר׳ יחיאלן געזען אַרומגיין אין אַ וואַכנדיק ציקליסטן־היטל. ער האָט פיינט געהאַט קאַפּעלושן. דאָס איז גוט — פלעגט ער זאָגן — פאַר דער אינטעליגענץ וואָס בלאָזט פון זיך, און נישט פאַר אים, וואָס דינט דעם פאָלק. אויפן מיטלסטן פינגער פון דער רעכטער האַנט האָט ער געטראָגן אַ ברייטן גאָלדענעם סיגנעט, און דער סיגנעט פלעגט אים צונוצקומען צום פאַך. דעם רינג פלעגט ער נוצן פאַר אַ משכון וואָס ער פלעגט געבן די מחותנים, ווען זיי זענען געקומען אים מיט זיין קאַפּעליע באַשטעלן אַז ער זאָל באַשיינען די שמחה. ווען ער איז מושווה געוואָרן מיט די שכירות, האָט ר׳ יחיאל קלעזמער מיט גרויס גדלות אַראָפּגענומען דעם גאָלדענעם סיגנעט פון פינגער און אים געגעבן ווי אַ משכון. דעמאָלט איז דער מחותן שוין געווען זיכער אַז ער וועט שוין נישט האָבן קיין פאַרשטערטע חתונה.

אויף די עלטערע יאָרן, ווען דער קלעזמער האָט שוין נישט געקענט אַזוי אַ פיר טאָן מיטן סמיטשעק ווי אַמאָל, האָט זיין זון זלמן איבערגענומען די קאַפּעליע, געשפּילט די ערשטע פידל, און דער פאָטער האָט געשפּילט די „סע־גונדע״. אַ ברירה האָט ער געהאַט. מען מוז שלום מאַכן מיטן גורל, האָט ער געזאָגט.

דער צווייטער זון, יונה, איז פון פאַך געווען אַ טאַנדייט־שניידער. גע־שטאַנען אויפן מאַרק מיט אַ בויד צייגענע אנציגלעך פאַר קליינע שקאָצימלעך. אויף אַ חתונה האָט ער צוגעפויקט אויף אַ פויק, דער איידעם יוסף ליטוואַק וואָס האָט געשפּילט אויפן באַס, האָט בשעת הדחק געקענט שפּילן אויף אַן אַנדער אינסטרומענט, און דעם ליטוואַקס זונדל הערש לייב האָט געשפּילט אויף אַ טראָמפּייט, וואָס האָט געשאַלט אין געסל, בעת די קאַפּעליע האָט געמאַכט פּראָבע.

אַז מען האָט דערלעבט אַ חתונה אין שטעטל, האָט מען חתן־כלה געפירט מיט מוזיק איבער די גאַסן ביז צו דער שול. אַ האַלב שטעטל פלעגט נאָכ־לויפן נאָך יחיאל קלעזמער מיט זיין קאַפּעליע, כדי צו הערן די רוסישע מאַרשן וואָס זיין איידעם יוסף ליטוואַק האָט מיטגעבראַכט פון רוסלאַנד, און שפּעטער האָט מען אין די יידישע שטיבער באַכגעזונגען די לידער, מאַרשן מיט אַלע דריידלעך און פּיטשעווקעס.

ווען די כלה איז געווען אַ יתומה און אַנשטאָט טאַטע־מאַמע האָבן זי גבאיטעס געפירט צו דער חופּה, האָט ר׳ יחיאל קלעזמער געהאַט אַ ספּעציעל חזניש שטיקל, וואָס האָט געהייסן: „יהי רצון״. דאָס פידעלע האָט ביי אים גע־וויינט, געקלאָגט חורבן ירושלים, זיך געבעטן, אַזוי ווי עס וואָלט גערופן אַז טאַטע־מאַמע זאָלן אויפשטיין פון קבר און קומען אויף זייער טאָכטערס חתונה,

זיך משמח זיין מיט אַלע און בענטשן די כלה. ווייבער מיט גוידערס און אין טאַפּטענע קליידער האָבן געכליפּעט ווי קליינע קינדער, זיך שטאַרק געווישט די נעז און אַנטקעגן געטאַנצט ייִדישלעך דעם יונגן פּאָר מיט אָנגעצונדענע געפלאָכטענע פאַרביקע הבדלה־ליכט.

שפּעטער, ביים מאַלציִיט, ווען מען האָט געגעבן די גאָלדענע יויך, האָט די קאַפּעליע געשפּילט „טישזאַכן" אָדער שטיקלעך פון ייִדישן טעאַטער, „מאַ־ראַלישע" מעלאָדיעס פון בר־כוכבא, שולמית, דוד אין דער וויסטע, עקדת יצחק; דער עולם האָט געלעקט די פינגער און געבעטן נאָך, אַזויווי עס וואָלט געווען איינס פון די חתונה־מאכלים וואָס צעגייט זיך אין די ביינער מיט מתיקות.

דעמאָלט האָט זיך שוין יחיאל קלעזמער געפּילט אַ ביסל שלעפּערדיק, די פידל האָט זיך שוין עפּעס נישט געהאַלטן אונטער דער גאָמבע. זי האָט זיך שוין אַלץ מער אַראָפּגערוקט צו דער ברוסט. דער זון, זלמן די ערשטע פידל, וואָס פלעגט בעת שפּילן האַלטן די אויגן פאַרמאַכט, האָט אים כסדר גע־מוזט דערמאָנען:

— טאַטע, איצט נעם צע, און איצט נעם דע!

ר' יחיאל האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געזאָגט: מען וועט נאָך בעמען צע, און מען וועט שפּילן דע... נישט געזאָרגט קינדער, און ווידער אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ אויף דער ברוסט.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, זענען די פאַרדינסטן אין שטעטל געוואָרן זייער מאַגערע. מען האָט שוין געפּראַוועט „שטילע חתו־נות". יחיאל מיט זיין קאַפּעליע האָבן אויפגעהערט פאַרדינען. די מערסטע חתונות זענען איצט פאַרגעקומען פּריוואַטיק נאָכמיטיק; מען האָט גענומען חופּה וקידושין. קיין קלעזמאָרים האָט מען נישט באַדאַרפט. זלמן די ערשטע פידל האָט אָנגעהויבן שפּילן אין קינאָ, יחיאלס איידעם, יוסף ליטוואַק, האָט אין דער היים געגעבן לעקציעס אויף זיין האַלב־צעבראָכענעם פאַרטעפּיאַן, וואָס האָט מער געגרילצט ווי געשפּילט; ער האָט אויך געלערנט יונגעלייט שפּילן שאַך. יונה האָט פאַררוקט די פּויק ערגעץ אויפן בוידעם און אַליין זיך גענו־מען געשמאַק אַרבעטן צייגענע הויזן פאַר די פּויערים פון בליזשניע וויעש און אַנדערע דערפער, וועלכע פלעגן קומען צוויי מאָל אַ וואָך אויף די מערק אין שטעטל, הערש לייב, יחיאלס אייניקל, האָט אָנגעהויבן שפּילן אויף גוייִשע „זאַבאַוועס". נאָר ער אַליין, יחיאל נעבעך, האָט אָנגעהויבן צו ליידן נויט. שבת און יום־טוב האָט מען אים נאָך געזען אין שול אינעם שוואַרצן אָפּגעריבענעם טוזשראַק, פון וועלכן די הויזן זענען שוין אַ היפּש ביסל אָפּגעריבן און גרינ־לעך (מסתמא פון דער זקנה...) און טאַקע פאַר אַלטקייט האָבן זיי געגלאַנצט ווי

דער דאַשעק פון זיין פּירקאַנטיקן הוט; יחיאל איז שוין געגאַנגען אַן איינגע־בויגענער, אַ טרויעריקער און אַז ס׳האָט זיך שוין געמאַכט אַ חתונה ביי גבי־רים אין שטעטל אויף וועלכער מען האָט גענומען קלעזמאָרים, פלעגט מען נעמען יחיאלן אויס רחמנות. דאָס שפּילן זיינס איז געווען מעכאַניש... ס׳האָט נישט געהאַט קיין טעם, די פינגער האָבן נישט געקענט צוקוועטשן די סטרונעס פון דעם פידל, וואָס ער האָט געהאַלטן אויפן בויך; דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן, גלייך ווי ער וואָלט נישט געשפּילט נאָר אַזיווי ער וואָלט אַנטשלאָפן געוואָרן...

ווען מען האָט דער קאַפּעליע דערלאַנגט צום עסן, און חברה קלעזמער פלעגן זיך אַדורכוואָרפן מיט קלעזמער־לשון און וויצן: און ווער שמועסט נאָך אַז מען האָט דערלאַנגט אַביסל משקה צום טרינקען, — פלעגט יחיאל קלעז־מער זיך אַביסל אויפמונטערן, זיינע מאַטע אויגן האָבן באַקומען אַ גלאַנץ, אין זיין מוח האָבן אויפגעבליצט זיסע זכרונות פון די אַמאָליקע גוטע צייטן. דע־מאָלט פלעגט ער דערציילן דעם גויישן בלינדן מוזיקאַנט, מיכאַל, אויף וועלכן מען האָט געזאָגט אַז ער איז אַ משומד — מעשיות פון אַמאָליקע חתונות, פון גראָבע פּאַרדינסטן, גוטע מאָלצייטן, רייכע מחותנים, וועלכע האָבן נישט גע־זשאַלעוועט און געשטעלט גאַנצע פלעשער מיט אָקעוויט, יעדן פון די קלעז־מער האָבן מען אַהיימגעגעבן אַ פלאַש בראָנפן מיט שטיקער לעקעך פאַר ווייב און קינדער:

— אַמאָל! אַמאָל איז געווען אַ לעבן!... — האָט ער אויסגערופן מיט בענק־שאַפט — און היינט מישטיינס געזאָגט...

**
*

לאַנגע, לאַנגע יאָרן ווי ר׳ יחיאל קלעזמער האָט אַרויסגעלאָזט די פידל פון האַנט און אַן אַ שמע־ישראל זיך אַריבערגעפּעקלט אויפן עולם האמת. ביי־דע זין: זלמן די ערשטע פידל, און יונה פויקער, דער איידעם יוסף ליטוואַק זענען געשטאָרבן נאָך פאַר דער צווייטער מלחמה און פאַרשפּאַרט פאַרגאַזט צו ווערן אין כעלמנאָ ווי דער גרעסטער טייל יידן פון שטעטל. די צוויי איי־ניקלעך, וועלכע זענען איבערגעבליבן, האָבן ווייטער געשפּונען דעם גאָלדע־נעם פאָדעם פון יחיאלס דינאַסטיע, זיי האָבן אָבער שוין נישט געהאַט קיין קאַפּעליע און האָבן נישט משמח געווען יידישע הערצער אויף יידישע שמחות. איינער פון זיי איז אַוועק מיט אַ וואַנדער־צירק און דער צווייטער איז אַנגאַ־זשירט געוואָרן צו שפּילן אין אַ קאַפע אין אַ גרויסער שטאָט און ער האָט איבער־גאַנצן פאַרגעסן אין שטעטל. ווען עס פלעגט פאַרקומען אַ יידישע חתונה, מיט כלה־באַזינגען, מיט אַ „יהי רצון״ פון אַראָפּגעבראַכטע קלעזמאָרים פון דער

פרעמד, — דעמאָלט פלעגט מען זיך דערמאָנען אין יחיאל קלעזמער מיט זיין קאַפּעליע, וועלכער האָט צענדליקער יאָרן געשפּילט אויף יידישע חתונות, שמחות און בריתן. נישט אויף קיין סטראַדיוואַרוס־פידעלע האָט ער געשפּילט און גאָר אָן נאָטן האָט ער אַרויסגעכישופט מתיקותדיקע טענער, געשפּילט מיט האַרץ און נשמה, אמתע יידישע ניגונים פון יידישער פרייד, האָפענונג און טרויער...

# שלום טויטנגרעבער

נישט געווען, דאַכט זיך, קיין שרעקלעכערער מענטש אין שטעטל ווי שלום טויטנגרעבער.

בלויז דער נאָמען אַליין האָט שוין אָנגעוואָרפן אַן אימה, נישט בלויז אויף קינדער נאָר אַפילו אויף עלטערע. אַ שרעק, אַ שוידער איז אַריבער ווען מען האָט בלויז זיין נאָמען דערמאָנט. באַלד האָט מען זיך אין געדאַנק פאַרגעשטעלט די שוואַרצע עגלה, וואָס פירט איבערן קרומען מתים־געסל אַ בר־מנן און הינטן נאָך דער עגלה גייט אַ לוויה: מען וויינט, מען שרייט, מען באַקלאָגט אַ נאָענטן. אויף אַלעמענס פּנימער איז אַ טיפער טרויער אויסגעגאָסן, און ער אַליין, שלום, זיצט אויף דער קעלניע, די לייצעס אין האַנט, דאָס פּנים מגושמדיק, אַ רויטע נאָז פון אַ סך בראָנפן־טרינקען, און אַזויווי אַ לייכטער שמייכל וואָלט געשוועבט אויף זיינע גראָבע פליישיקע ליפּן, און די אויגן ווי זיי וואָלטן גערעדט: נו, זעט, גרויס און קליין, אָרעם און רייך, אַלע פאַלט איר אַריין צו מיר אין די הענט. . .

געווען איז שלום טויטנגרעבער אַ ייִד אַ קרעפּטיקער, מיטעלער ווּוקס, אַביסל האָט ער אונטערגעהינקט אויף איין פוס, געהאַט אַ פּאָר גרינלעכע אויגן, וועלכע זענען געלאָפן הין און צוריק, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך געיאָגט, שטאַרקע געדיכטע ברעמען, אַ רויט פּנים, און נאָך אַ רויטערע בראָנפן־נאָז. עס איז נישט געווען קיין לוויה אין שטעטל, אַז שלום זאָל נישט זיין כאָטש האַלב שיכור. אמת, די איבעריקע מתעסקים פון דער חברה קדישא, דער הויכער בערל, זעליק געלבארד, און אַנדערע, האָבן אויך נישט פיינט געהאַט דעם ביטערן טראָפּן, אָבער צו שלומען איז עס נישט געקומען. נישט בלויז האָט ער געקענט טרינקען, נאָר ער האָט פּשוט אַריינגעגאָסן אין זיך. האָט ער זיך באַוויזן אויף אַ שמחה, אַ חתונה, אַ ברית, פלעגט מען אים אַנטקעגנטראָגן עטלעכע גלעזלעך בראָנפן, מען האָט אים אַזוי צו זאָגן, געגעבן אָפּפּאַרטיק־געלט, אַז ער זאָל וואָס פריִער אַוועקגיין און נישט שטערן מיט זיין אָנוועזנהייט די שמחה...

אַזוי האָט שלום לאַנגע יאָרן געלעבט אין שטעטל, געגאַנגען אויף שמחות, גענומען „אָפּפּאַרטיק־געלט״, געמאַכט כמעט אַלע יאָר אַ ברית, באַגראָבן מתים, געטרונקען נאָר ריינעם ספּירט, פון וואָס זיין נאָז איז אַלץ רויטער און רויטער געוואָרן...

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער פלעק־טיפוס האָט זיך פאַר־

שפרייט, איז נישט געווען אַ טאָג עס זאָל נישט זיין אַ מת, און אַ סך מאָל — עטלעכע מתים. דאָס באַגרעבער־פאַך האָט אויפגעלעבט. חברה קדישא האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן, און מער פון אַלע האָט געהאַט אַרבעט שלום טױיטנגרעבער, און וואָס מער אַרבעט ער האָט געהאַט אַלץ מער האָט ער גע־טרינקען. און נישט בלויז די נאָז איז ביי אים רויט געווען ווי אַ בוראַק, נאָר דאָס גאַנצע פנים איז רויט געווען און אויך דער קאַרק איז פעטער און דיקער געוואָרן. אויף טייל לוויות איז ער אַזוי שיכור געווען, אַז ער האָט זיך קוים געקענט האַלטן אויף די פיס. די מגיפה אין שטעטל האָט געבושעוועט. די סאַ־ניטאַר־קאָמיסיע האָט נישט געהאָלפן. יעדן פרימאָרגן האָט מען געהערט טרויע־ריקע בשורות וועגן געשטאָרבענע ביינאַכט. איז נאָר עמיצער קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און ר׳ שואל דער „סטאַרשע פעלדשער“ איז ביי אים געווען, האָט מען שוין געוווּסט אַז יענער איז אַ קאַנדידאַט פאַר שלום טויטנגרעבער... עס האָט אויסגעזען ווי די סאַניטאַר־קאָמיסיע פירט אַ מלחמה מיט שלומען... ווער פון זיי וועט זיין שטאַרקער, און דערווייל האָט שלום מנצח געווען, ער האָט באַגראָבן מתים און געטרונקען בראָנפן...

***

איינמאָל אין מיטן ווינטער אין סאַמע מיטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע, זענען אין איין וואָך געשטאָרבן צען טיפוס־קראַנקע און שלום האָט געהאַט די אמתע מחיה. גראָד האָט מען אין יענער וואָך אין שטעטל געגנבעט אַ קו און מען האָט געמאָלדן דער פּאָליציי, אַז די קו האָט מען געשאָכטן און פאַר מורא האָט מען זי באַגראָבן אויפן ייִדישן בית עולם. עטלעכע מיליציאַנטן מיט אַ דייטשן וואַכמייסטער זענען אַוועק אויפן בית עולם און אָנגעהויבן צו גראָבן. און צו זייער גרויסער איבעראַשונג האָבן זיי אָנגעטראָפן אַ מת וואָס איז געלעגן אין קבר אינגאַנצן נאַקעט. די שרעקלעכע ידיעה האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן שטעטל. באַלד זענען געקומען די לייט פון דער חברה קדישא, די דאָזאָרעס, די קהילה־מענטשן און סתם נייגעריקע. ווען מען האָט זיך גענומען צוקוקן צו די פרישע קברים, האָט מען באַמערקט, אַז אַ סך קברים זענען עפּעס נישט אין אָרדענונג. דאָס האָט נאָך פאַרגרעסערט דעם חשד, אַז עפּעס אַ מיאוסע זאַך איז דאָ אָפּגעטאָן געוואָרן. עטלעכע חברה קדישא־לייט האָבן אָנגעהויבן צו גראָבן און טאַקע געפונען די ערשט נישט לאַנג באַגראָבענע מתים אינגאַנצן נאַקעט, אָן די תכריכים.

מען איז געלאָפן מיט אַ גוואַלד צו שלומען, ער האָט זיך אָבער געמאַכט געפּגרט. ער ווייסט פון גאָרנישט. ערשט ווען די מאַכליאַקעס, די ווילדע יונגען פון שטעטל, האָבן אים געגעבן צו „פאַרשטיין“ מיט די הענט, אַז אויב ער וועט

נישט זאָגן דעם אמת, וועט מען צו אים אַליין דאַרפֿן אַ קברן, האָט שלום זיך מודה געווען, אַז ער האָט אַלע בגדים אַראָפּגעצויגן פֿון די מתים און די לייוונט פֿאַרקויפֿט, מחמת ווייסע לייוונט איז געוואָרן זייער טייער...

מילא וואָס אין שטעטל האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטאָן, קען מען זיך פֿאָר־שטעלן. ווי נאָר אַ קללה איז זי געפֿאַלן אויף שלומס קאָפּ, מען האָט אים אַריינ־גענומען אין דער שטאָטישער „קאָזע״ און ווען נישט די מיליציאַנטן וואָלטן אים די מאַכליאָקעס פּשוט געווען געלינטשט. דעם גאַנצן וועג צו דער פּאָלי־צײַ־תּפֿיסה האָט מען אים געשלאָגן מכות־רצח און אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אים אינגאַנצן אַרויסגעטריבן פֿון שטעטל.

**
*

וואָס פֿון שלום טויטנגרעבער איז געוואָרן האָט מען זיך נישט דערוווּסט. מען האָט אין שטעטל דערציילט אַז ער איז געוואָרן אַ מדינה־גייער און איז געווען נע־ונד. אַזוי איז ער ערגעץ געשטאָרבן. פֿרומע ייִדן האָבן געזאָגט, אַז ער האָט געמוזט אויף דער וועלט אָפּקומען פֿאַר זײַנע חטאים. מען האָט זיך קיינמאָל נישט דערוווּסט ווי זײַן געביין איז אַהינגעקומען. און לאַנגע יאָרן שפּעטער, ווען נאָר מען האָט דערמאָנט זײַן נאָמען, האָט מען געשיקט אַ קללה אויף זײַן פֿאַרוואָגלטן געביין.

# דער לעמאָניאַדע־ייד

געהייסן האָט ער יצחק, נאָר גערופן האָט מען אים „דער לעמאָניאַדע־ייִד", מחמת אַזוי ווי דער זומער האָט זיך נאָר געשטעלט, האָט ר׳ יצחק, דער לעמאָניאַדע־ייִד אויסגעזוכט דעם אַלטן ווייסן כאַלאַט (נאָך פון די רוסישע צייטן), אָפּגעמאָלט מיט רויטן פאַרב די צוויי קאַנען, אויסגעוואַשן די קופּלעס, און — היידאַ! אין גאַס אַריין מיט דער סחורה...

געווען איז ר׳ יצחק אַ הויכער, אַן איינגעבויגענער, שוין כמעט אַ הויקער, מיט אַ קורץ ווייס בערדל, געדיכטע ברעמען, גרויסע גרינלעכע אויגן, אַ הויקערדיקע נאָז, אַ געל פּנים, אַ זקן, שוין אַריבער די זיבעציקער.

קיין קינדער אין שטעטל האָט דער לעמאָניאַדע־ייִד נישט געהאַט. זיי זענען געווען צעזייט און צעשפּרייט איבער ימען. פון צייט צו צייט האָט ער פון זיי אַ בריוול און אויף יום־טוב אַ פּאָר דאָלאַר באַקומען. האָט ער מיט זיין ווייב חנה זיך געמוטשעט אַליין מפרנס זיין. געווען אויך אַ שומר אין שאַטאַנס תבואה־שפּייכלער. אָבער די הויפּט־פּרנסה זיינע אין די הייסע זומער־טעג איז געווען דאָס ביסל לעמאָניאַדע וואָס ער אַליין האָט פאַבריצירט.

אין שטעטל זענען דריי ייִדן געווען באַזונדערס פּאָפּולער: סלעק (אַזאַ צונאָמען) מיטן סאָדע־וואַסער, ר׳ חמיה ברענער מיט די געזאָטענע אַרבעס און ר׳ יצחק מיט דער לעמאָניאַדע...

פאַבריצירן פלעגט ר׳ יצחק די „סחורה" אין דעם קליינעם קעמערל, וווּ עס איז שטענדיק געווען שטאָק פינצטער. קליינע מייזעלעך און אויך דערוואַקסענע שטשורעס פלעגן דאָרט נישט זיין קיין זעלטנקייט... עס האָט נישט געהאָלפן דאָס אָנזאָגן פון אונדזערע מוטערס, אַז מיר זאָלן זיין לעמאָניאַדע נישט טרינקען, ווייל מען איז נישט זיכער אויב עטלעכע מייזלעך האָבן זיך נישט פריִער אָפּגעטובלט אין ר׳ יצחקס קאַנען... ווי נאָר ר׳ יצחק האָט זיך באַוויזן אין געסל מיט די צוויי רויטע קאַנען, ווו איבעווייניק זענען מאַיעסטעטיש אַרומגעשווומען צוויי האַלבע ציטרינען און שטיקלעך אייז, האָבן מיר, חברה, נישט געקענט גובר זיין דעם יצר־הרע און אַוועקגעגעבן דעם לעצטן גראָשן (אויב ער איז נאָר געווען אין קעשענע) פאַר אַ קאַלט גלעזל לעמאָניאַדע...

אַזוי האָט זיך ר׳ יצחק געלעבט זיינע יאָרן אין שטעטל, געוווינט אין אַ קליין שטיבל אין פינטעס געסל. ווינטער, באַלד אין אָוונט, האָט מען אים געזען אָנגעטאָן אין אַ גרויסן דובלאַנע פּעלץ, מיטן באַשליק אויפן קאָפּ און מיט

די גרויסע שטיוול אויף די פיס; מיט זיין סענקעוואַטן שטעקן אין האַנט, האָט ער אויף אונדז, קינדער, אָנגעוואָרפן אַ מורא. מיר האָבן זיך פאַרגעשטעלט אַז אַזוי מוז אויסזען אַ בער... זומער, אָבער, מיטן ווייסן כאַלאַט, מיט די צווי פולע קאַנען אין די הענט, ווען ער האָט מיט אַ ביסל אַ הייזעריקן קול געדופן: „אַ קאַלט גלעזל לעמאָניאַדע! אַ קאַלט גלעזל לעמאָניאַדע", האָבן מיר זיך פאַר אים לגמרי נישט געשראָקן.

***

איין מאָל, אין אַ שבתדיקן פאַרטאָג אין חודש אָב, ווען מיר זענען נאָך געשלאָפן און אין פינטעס געסל איז געווען רויק און שטיל; פּאַקעלעס גרויסע ווערגענער זענען מנוחהדיק געשטאַנען אויסגעשטעלט אין אַ ריי און עטלעכע ציגן האָבן היימיש געצופּט דאָס פרישע היי פון די זיך־ערטער, האָט זיך פלוצים דערהערט אַ מוראדיק געוויין. מיר זענען צוגעלאָפן צו די פענצטער און דאָ האָבן מיר דערזען ר' יצחקן, ווי ער ברעכט זיך די הענט און פון זיינע אַלטע אויגן גיסן זיך טרערן. עס האָט געדויערט עטלעכע מינוט ביז מען איז געוווּיר געוואָרן, אַז היינט ביינאַכט האָט זיין ווייב חנה אויסגעהויכט איר כשרע נשמה.

אין פינטעס געסל איז געוואָרן לעבעדיק. ווייבער זענען געקומען צו לויפן אין די האַלקעס און אין שבתדיקע קאַפּטאַנעס און קופּקעס. מענער זענען געקומען אין די שבתדיקע הויזן וואָס זיי האָבן אין איילעניש אַרויפגעכאַפּט אויף זיך און אין צייגענע וואָכעדיקע כאַלאַטלעך. עס זענען געקומען און זיך אַרומגעשטעלט לעבן ר' יצחקן די שכנים: ר' הערש „קייסער", ר' חיימל „טערק", ר' יוסף וואָלף באַלעגאָלע, ר' מרדכילע דער הכנסת אורחים־ייד, ר' עזריאל יורעק, ר' משה יוניוויצער און נאָך אַנדערע. באָרוועסע קינדער זענען אַרויס פון די בעטן. דאָס רעדל מענטשן איז וואָס אַ מאָל געוואָרן גרעסער און גרעסער. אַלע האָבן יצחקן באַדויערט. די מענער האָבן אים אויסגערעדט. — עס איז היינט שבת, — האָבן זיי געזאָגט, — טאָר מען נישט וויינען. די ווייבער האָבן מיט די קעפּ געשאָקלט, שטאַרק געשנייצט די נעזער אין די פאַרטוכער אַריין. —אַ רחמנות אויפן אַלטן, — האָבן זיי געזאָגט, — געבליבן נעבעך עלנט, ער וועט איצט נישט האָבן ווער עס זאָל אים אַ לעפל וואַרעמס דערלאַנגען, אַ ביסל געקעכטס אָפּצוקאָכן; אַ צדקת געווען, די חנה, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן.

ערלעך האָט ר' יצחק אָפּגעהאַלטן די שבעה, נישט געגאַנגען גאַנצע אַכט טעג אין גאַס אַריין פאַרקויפן דאָס געטראַנק, כאָטש די היץ איז געווען אַ גרויסע, פייער איז געפאַלן פון הימל. מ'האָט געלעכצט, געחלשט נאָך אַ קאַלט גלעזל לעמאָניאַדע. ביי סלעקן ביים סאָדע־וואַסער האָט זיך געטאָן חושך. אַלע טעכ־

טער זיינע האָט ער אַנגאַזשירט צום סאָדע־וואַסער פאַרקויף. מען איז פשוט אין דער ריי געשטאַנען נאָך אַ קאַלט גלעזל סאָדע־וואַסער.

פונקט ערב תשעה־באָב האָט ר׳ יצחק געענדיקט די שבעה. דאָס געלע, צעקנייטשטע פּנים איז נאָך געווען פול מיט טרויער. דער קערפּער — נאָך מער איינגעבויגן. אָבער, פאַרפאַלן: עס איז סעזאָן, די היץ ברענט, מען מוז זיך צוריק נעמען צו דער אַרבעט.

תשעה־באָב איז די היץ נאָך געווען גרעסער. מענטשן זענען פשוט אויסגעגאַנגען נאָך אַ טרונק. עס איז אָבער אַ תענית. די צונג האָט זיך צום גומען געקלעפּט, מען האָט אויסגעקוקט שטערן, ווען מען וועט שוין קענען דאַווענען מעריב. און ענדלעך האָט מען דאָס אויך דערלעבט.

נאָך מעריב. דער עולם לאָזט זיך אַרויס פון שול און פון בית־המדרש, מען גיט אַ קוק — ר׳ יצחק שטייט ביי דער וואַנט פון בית־המדרש מיט צוויי פולע קאַנען לעמאָניאַדע און מיט זיין הייזעריק קול רופט ער: „אַ קאַלט גלעזל לעמאָניאַדע! אַ קאַלט גלעזל לעמאָניאַדע!" דאָס קול ציטערט אַ ביסל. אַ טיפער אומעט ליגט אין יעדן וואָרט. עס איז אָבער איבעריק היינט צו רעקלאַמירן די סחורה: עולם לאָזט זיך דורשטיק נאָך אַ קופּל קאַלטע לעמאָניאַדע, אַזוי, אַז ר׳ יצחק האָט זיך פשוט קיין עצה נישט געקענט געבן, יעדער איינער וויל וואָס פריִער, מען שטופּט אים די קאָפּיקעס אין האַנט אַריין און אין פאַרלויף פון עטלעכע מינוט איז די גאַנצע סחורה אויספאַרקויפט.

דעם אַלטנס פּנים האָט אַ ביסל אויפגעשיינט, די מאַטע אויגן האָבן באַקומען אַן אַנדערן גלאַנץ. מיט ליידיקע קאַנען און אַ שווערער קעשענע, מיט אַ סך קופּערנע קאָפּיקעס, לאָזט ער זיך אַ היים גיין אין אַ בעסערער שטימונג. ער האָט געפונען אַ שטיקל טרייסט נאָכן ווייבס טויט אין די צוויי אויספאַרקויפטע קאַנען לעמאָניאַדע...

# צו גאַסט אין שטעטל

(געשריבן פאַרן פאַרלאָזן פוילן)

ווען מיר קומט אויס צו זיין אין שטעטל ווינטער־צייט, זעט דאָס שטעטל דעמאָלט אויס ווי איינגעהילט אין טרויער: אַ פראָסט, אַ שניי, די פענצטער פון די קליינע שטיבעלעך פאַרקאָוועט, די שויבן באַדעקט מיט טויטע קוויטן, פון די דעכער הענגען אייז־צאַפּנס. די פלומפּ אויפן מאַרק איז אַרומגעוויקלט מיט שטרוי, גלייך ווי מען וואָלט מורא געהאַט, אַז זי זאָל זיך חלילה נישט צו־קילן, ווי אַ זקן להבדיל... און ווען מען פלומפּט אָן אַן עמער וואַסער, צעגייט זיך דער ווידערקול, ווייט, ווייט איבערן שטעטל, אַזוי, אַז אַן אימה יאָגט און מאַכט טרויעריק אויפן האַרצן.

אַנדערש איז אָבער אין זומער!

איינגעטונקט אין גרינס און אַרומגערינגלט פון ביידע זייטן דורך דעם טייך וואַרטע, אויף וועלכן פאַרלעך אין לודקעס פאָרן אַרום און זינגען — דע־מאָלט זעט דאָס שטעטל אויס יום־טובדיק, עס שיינט ווי אַן אויסגעפּוצטע כלה צו דער חופּה. נישט בחינם אַנטציקן זיך די גרויסשטעטישע לייט וואָס קומען אַהערצו זומער־צייט. עס אָטעמט מיט ראָמאַנטיק, עס כישופט מיט פּאָעזיע, עס לאָקן און עס רופן די באַבוימטע אַלעען. דאָס דערבייאיקע וועלדל, דער שטאָ־טישער גאָרטן, דער טייך, אאַז״וו.

צוויי קילאָמעטער פאַרן שטעטל פילט מען שוין די נאָענטע היימישקייט. אמת, נייע און שווערע צייטן זענען געקומען אויף דער וועלט. אָבער נישט צו פאַרזינדיקן. אין אַ פראָסטן זונטיק נאָך מיטיק פירט נאָך דער טויבער משה אַ קעלבל פון נאָענטן דאָרף, וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט ווי אַ מציאה ביי אַ באַקאַנטן פּויער. גייט ער זיך אַזוי דער טויבער משה איבערן שאָסיי מיט דער מאַכאָרקע־לולקע צווישן די ציין. טרייבט דאָס קעלבל, וואָס איז אגב אַן עקשן און אַ להכעיסניק. ר׳ משה האַלט דאָס קעלבל ביים עק און קערעווועט אויף רעכטס, שפּאַרט עס זיך דווקא איין און וויל רק גיין אויף לינקס (פּאַרט אַ בהמה). און דאָ טראָגט דער רוח אָן דעם „סאַמאָכוד" אַזוי ווי אַ שד, און ביידע, — דער טויבער משה און דאָס קעלבל, — שטעלן זיך אַוועק לעבן אַ בוים אַפּוואַרטן ביז דער אויטאָבוס וועט פאַרביי. כדי נישט געהרגעט צו ווערן על קידוש השם...

הארט לעבן וועלדל, אדער ווי מען רופט דאס היימיש אין שטעטל — דער „לאסעק" — געפינען זיך די „פיגורן" פון די צוויי ברידער. וואס האבן זיך געממיתט איבער א מיידל, ווייל יעדער האט זי געוואלט פאר א כלה. פאר־שידענע לעגענדעס זענען אין שטעטל פאראן וועגן זיי... א ביסל ווייטער איז דאס שטעטלדיקע שפיטאל; קראנקע שפאצירן ארום אין די ווייסע כאלאטן און ווען דער אויטאבוס פארט פארביי דעם שפיטאל, שטעלן זיך די קראנקע ביי דער צוים־וואנט, כאפן א בליק אויף די פאסאזשירן, אפשר וועלן זיי דערזען א היימיש פנים.

אזוי ווי פאריתומט און אפגעלאזן שטייט דער גרויסער טארטאק, וואס האט אמאל געהערט צום גרויסן עושר ר' מאטל גאלדבערג. א מאל האבן דא געארבעט א סך ארבעטער. די מאשינען האבן געררוישט, געפייפט. מען האט עקספארטירט דאס האלץ אין די ווייטע מרחקים. היינט איז אלץ אויס! ר' מאטל גאלדבערג איז שטארק פאראַרעמט געווארן, פאר עגמת־נפש באקומען א הארץ־אטאקע און זיך אריבערגעפעקלט אויף יענער וועלט, און אין זיין הויז געפינט זיך איצט א גויישע שענק, ווו די גוים עסן „קעלבאס" און טרינקען בראנפן.

ביידע בריקן, וואס האבן אמאל פאראייניקט דאס שטעטל מיט דער פאר־שטאט, זענען איצט צענומען. דערווייל באנוצט מען זיך מיט די פראוויזארי־שע בריקן, און שטעטלדיקע יידן, וועלכע האבן נישט קיין קונים אין זייערע קלייטלעך, שטייען און קוקן זיך צו צו דער ארבעט ארום די פעסטע בריקן וואס מען פארלייגט. זיי זאגן מבינות, שפארן זיך און צופן בעת־מעשה בנעי־מות די בערדלעך...

אין דער אלטע אויף דער קאלישער פארשטאט, שטייט נאך די אלטע היל־צערנע בודקע, ווו מען קריגט „לאדעס" און סאדע־וואסער מיט סאק. לעצטנס איז אויך אין דער בודקע פארגעקומען א „ראדיקאלע" ענדערונג: עס שטייט שוין געשריבן אויפן שילדל, אז עס איז נישט סתם קיין בודקע, נאר א „כלאד־ביא". זאל עס זיין אזוי צום גוטן: עס איז דאך עפעס פראגרעס. אין שטעטל קומט מען אריין מיטן אויטאבוס מיט רעש און געפילדער און באלד שאפט זיך א רעדל יידן וואס באטראכטן יעדן אורח און מען רוקט אים אריין א ברייטן „שלום־עליכם".

דער אלטער מארק, ווו עס שטייט דער מאגיסטראט, איז שוין אויך מא־דערניזירט. דארט ווו אמאל זענען געשטאנען פויערטעס מיט פוטער, אייער און עופות און אין מארק־טעג איז דארט געווען א גרויסער טומל. איז איצט שטיל, רויק. ארום מאגיסטראט זענען פארפלאנצט יונגע ביימלעך, עס איז געמאכט געווארן א סקווער, פארזייט מיט גראז. עס שטייען דא עטלעכע אפגע מאלעוועטע בענק, אויף וועלכע עס זיצן די בירגער פון שטעטל. אויך יידן,

וועלכע האָבן שוין פון לאַנג נישט געזען קיין גראָשן פּרנסה, שעפּן פרישע לופט אין גאַנצן בחינם.

עטלעכע גרויסע געוועלבער האָבן זיך דורך דער צייט ליקווידירט. עס זענען צוגעקומען אַ פּאָר „אָוושעם סוחרים". אין אַ געוועלב פון אַן אַמאָליקן שניט־סוחר, איז איצט אַ יאַטקע, אָבער קיין פליישׂ זעט מען כמעט נישט. וואָס איז די מעשה? — פרעג איך דעם קצב, — „קאָנטינגענט" — ענטפערט ער מיר. איך פאַרשטיי...

דאָס קולטור־לעבן איז אויך שוואַכער ווי מיט יאָרן צוריק. אַלע פּאַר־טייען וואָס געפינען זיך אין שטעטל, פון דער „אגודה" ביז די „קאָמבאַטאַנטן", קריגן זיך, נאַטירלעך, צו ביסלעך אַרום. אין דער קהילה זיצט אַ נאָמינירטער קאָמיסאַר, וואָס קען נישט קיין יידיש... דער גוי'ישער משרת דערליידיקט אין קיך די אינטערעסאַנטן... די יידישע ביבליאָטעק האַלט נאָך אַ ביסל אונטער דאָס קולטור־לעבן אין שטעטל.

דאָס אַלטע בית־המדרש אויפן נייעם מאַרק איז אויך אַוועק אויפן וועג פון די נייע צייטן. דער הויף. ווו מען האָט אַמאָל פראַנק און פריי געטאָן זאַכן נאָך וועלכע מען זאָגט „אשר יצר", איז איצט אַרומגעצוימט מיט אַ פּלויט. אַ מאָל האָט מען פון בית־מדרש אַרויסגעהערט לערנען אַ בלאַט גמרא מיט אַ געשמאַקן ניגון, היינט טרעפט מען דאָרט זיצן צוויי בחורים וואָס געגעצן...

אמת, קיין ציגן מיט גרויסע בערד, ווי אין די אַמאָליקע צייטן, זעט מען היינט מער נישט אַרומשפּאַצירן אין די געסלעך, צופנדיק שטרוי פון די דע־כער און וועגענער. פון דעסטוועגן קען מען נאָך אַ מאָל טרעפן אַן איינצלנע קאָזע, אַזוי ווי אַ לעצטער מאָהיקאַנער, וואָס דערמאָנט יענע צייטן, ווען קאָ־זעס אין שטעטל זענען געווען אַ מאַסן־דערשיינונג...

און דאָך פּולסירט אין שטעטל אַ יידיש לעבן, נישט געקוקט וואָס אויך אַ סך ווענט זענען פאַראַן אויפשריפטן, אַז מען זאָל נישט קויפן ביי יידן.

און ווען מען פרעגט ביי אַ ייד אין שטעטל: וואָס הערט זיך ביי אייך? — ענטפערט ער: נישקשה, דער עיקר איז בטחון. אוי, אַ טייערע זאַך בטחון. בפרט פאַר אַ יידן אין דער היינטיקער צייט...

# משה קאַליקע...

(פון באַליוויאַנער ייִדישן לעבן)

משה קאַליקע האָט מען אים געגומען רופן אין לאַ פּאַז, נאָך דעם ווי מען האָט אים אָפּגעשניטן ביידע פיס. אַ טראַגעדיע היעמאָלט געוועזן אין ישוב. קוים 27 יאָר איז ער אַלט געווען, און שוין אַזאַ אומגליק. אָבער מען האָט גאָרנישט געקענט העלפן, דאָקטוירים האָבן אַזוי געפּאָדערט, אַנדערש — האָבן זיי געזאָגט — וועט ער שטאַרבן.

געקומען איז משה קיין באָליוויע אַ שטיקל צייט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. פון אַ דאָרף לעבן זאַקליקאָוו, לובלינער געגנט, איז ער געקומען. קיין מאָל אַפילו נישט געחלומט, אַז ער וועט פאַרוואָרפן ווערן ערגעץ אַזוי ווייט אין דעם היכן באַליוויע. דער פאָטער זיינער האָט געהאַלטן אַ סאַד און געפירט אויבסט אין נאָענטן שטעטל און משה פלעגט אים צוהעלפן אין דער אַרבעט. שפּעטער, ווען דער פאָטער איז געשטאָרבן, איז דער עול פרנסה געפאַלן אין גאַנצן אויף משהן, וועלכער האָט שווער געאַרבעט מפרנס צו זיין דאָס הויז־געזינד. ווינטער־צייט, ווען עס איז נישט געווען וואָס צו טאָן אין סאַד, פלעגט משה זיך פאַרנעמען מיט שוסטעריי, געלייגט אַ לאַטקעלע אויף שיך, געקלאַפּט זוילן און פרנסה איז געווען נישט צו פאַרזינדיקן...

זענען אָבער גאָר אַנדערע צייטן געקומען אין פוילן. דער אַלץ וואַקסנדי־קער אַנטיסעמיטיזם האָט אויך דאָס דאָרף לעבן זאַקליקאָוו נישט אויסגעמיטן, מען האָט משהן קיין סאַד מער נישט געוואָלט פאַרדינגען, ער טרייבט „שפעקו־לאַציע", האָט מען געזאָגט... און ווען עס האָט זיך אים שוין איינגעגעבן צו דינ־גען אַ סאַד, האָט מען אים באַגנבעט: שקצים האָבן אים שטיינער נאָכגעוואָרפן, „זשידזשע דאָ פּאַלעסטיני" נאָכגעשריגן. דאָס לעבן איז משהן נמאס געוואָרן.

אין נאָענטן שטעטל זאַקליקאָוו האָבן זיך פאַרשפּרייט פאַנטאַסטישע מעשות וועגן „אַמעריקע". אמת, דאָס איז נישט די זעלבע אַמעריקע ווי ניו־יאָרק, שי־קאַגאָ. דאָס אַנדערע אַמעריקע הייסט באַליוויע, אָבער עס איז אַ טייער לאַנד, — האָט מען אים אין שטעטל געזאָגט. — מען געפינט דאָרט אַ סך זילבער אין די בערג (מען דאַרף נאָר גוט זוכן...) און עטלעכע ייִדן, וועלכע האָבן אויסגעוואַנ־דערט פון שטעטל מיט אַ קורצער צייט צוריק, זענען דאָרט ממש אין באַליוויע נתעשר געוואָרן!... אָט איז שוין אַפילו יאַנקעלע שוחט פון זאַקליקאָוו אַוועקגע־פאָרן און מען זאָגט, אַז ער פאַרנעמט זיך דאָרט נישט מיט שחיטה, נאָר ער

„קלאַפּט״ און ער פאַרדינט אוצרות געלט... אַ סימן, ער האָט שוין געשיקט פאַ־פּירן זיין ווייב און איר אויך געשיקט אויף הוצאות.

נו, — האָבן יידן געטענהט, — מוז עס דאָך זיין אַ גאָלדענע מדינה, דאָס באַליוויע. באשר עס איז נישט ניו־יאָרק, אָבער וואָס איז די נפקא מינה? עס איז דאָך אויך קאָלומבוסעס מדינה און בפרט אַז מען דאַרף נישט וואַרטן אויף קיין קוואָטע און מען איז פּטור פון אַן עקזאַמען און כדומה. דערווייל לאָזט מען דאָרט אַריין יידן, און וואָס שפּעטער וועט זיין (האָבן די קרובים פון די יעניקע וועלכע זענען שוין געווען אין באַליוויע צוגעגעבן געהיימניספול) — ווייסט מען נישט, לכן איז גלייכער צו פאָרן וואָס פריער.

משה האָט זיך צוגעגרייט צו דער נסיעה און ווען עס איז ענדלעך געקומען דער טאָג פון זיין אַוועקפאָרן, איז עס געווען פאַר אים אַ שווער איבערלעבעניש. עס איז אים זייער שווער אָנגעקומען דאָס געזעגענען זיך סיי מיט זיין אַלטער מוטער און סיי מיט זיין נישט חתונה געהאַטער שוועסטער. די מאַמע האָט גע־וויינט, ביטערע טרערן פאַרגאָסן. משה האָט קיין וואָרט נישט געקענט אויס־ריידן. עפּעס איז דאָס האַרץ אַזוי ווי פאַרשלאָסן געוואָרן, עפּעס האָט זיך אין אים אַלץ אויסגעשעפּט, טרערן האָבן אים געשטיקט. כמעט מיט שטום־לשון האָט ער זיך געזעגנט, צוגעזאָגט באַלד צו שרייבן — און אַוועקגעפאָרן.

אין לאַ פּאַז האָט זיך משה געטראָפן מיט אַ סך לאַנדסלייט. מען האָט אים באַלד געגעבן אַ פּעקל און משה האָט אָנגעהויבן צו שפּאַנען פון „אַלטאַ פּלאַנאַ״ ביז „מיראַפּלאָרעס״, געמאַכט אַ „קליענטעלע״. די קונים זענען געווען „טשאָ־לעס״ און אינדיאַס און משה וועלכער האָט נישט געקענט קיין „קאַסטעליאַנאָ״ און אויך נישט קיין „איימאַראַ״ (דער אינדיאַנישער דיאַלעקט), האָט ביים פאַר־קויפן אַ „טשאַמפּער״ מער גערעדט מיט די הענט ווי מיטן מויל, אָבער דער מסחר איז געמאַכט געוואָרן.

נאָך עטלעכע חדשים אַרבעט האָט משה זיך געפילט מיד פון דעם גיין אויף די בערג, דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט, ווי ביי אַ גזלן. האָבן אים לאַנדסלייט געעצהט, אַז ער זאָל זיך דאָ עפענען אַ שוסטער־וואַרשטאַט פון וועלכן מען קען אויך האָבן פּרנסה.

פון דער מאַמען און דער שוועסטער האָט ער באַקומען בריוו. ער האָט זיי אויך געשריבן, אַז ער איז געזונט און „מאַכט״ געלט, און ווען ער וועט אָפּ־שפּאָרן די ערשטע עטלעכע הונדערט דאָלאַר (געמיינט די באַליוויאַנער „סאָ־לערס״) וועט ער קודם־כל ברענגען די שוועסטער קיין „אַמעריקע״.

איין מאָל אין אָוונט, ביים עסן אין „סירקולאָ״ האָט משה עפּעס זיך דער־פילט נישט גוט. לאַנדסלייט האָבן משהן אַהיים געפירט און אויף מאָרגן האָבן

דאָקטוירים געפונען ביי אים אַ שווערן בויך־טיפוס און מען האָט אים באַלד גע־צומען אין שטאָטישן שפּיטאָל.

דאָרטן, אין שפּיטאָל, איז ער געלעגן צווישן „טשאָלעס". עס האָט אים גע־אַרט דער גרויסער צלם, וואָס איז געהאָנגען אַנטקעגן זיין בעט אויף דער וואַנט. ער האָט געבעטן דעם פּרעזידענט פון ביקור־חולים, ר׳ פּישלען, אַז מען זאָל אים אַריבערטראָגן אין אַן אַנדער שפּיטאָל.

אין שפּיטאָל „סאַנטאַ מאַריאַ" האָט מען אים געמוזט ביידע פיס אַמפּוטירן. די פיס זענען בראַנדיק און שוואַרץ געוואָרן ווי קויל און עס איז נישט געווען קיין אַנדער עצה. משה אַליין האָט אויך מסכים געווען. זאָל זיין אָן פיס — האָט ער געזאָגט— וועל איך מיט אַ וועגעלע אַרומפאָרן און וועל נאָך אַ מאָל קענען זען מיין מאַמען און שוועסטער.

וואָכן זענען פאַרביי. משה איז געלעגן אין שפּיטאָל. ביקור־חולים האָט אַ ספּעציעלע קראַנקנשוועסטער פאַר אים גענומען. יעדן זונטיק זענען לאַנדסלייט און סתם יידן געקומען אין שפּיטאָל זיך מיט אים זען. מען האָט אים געבראַכט פאַרשידענע מתנות, עסנוואַרג און אויך נאַשוואַרג דאָס האַרץ אונטערצוּלענען. משה האָט שטאַר געקוקט אויף אַלעמען, צייטנווייז האָט זיך אַ קוים באַמערקבאַ־רער שמייכל ביים עק מויל פאַרגנבעט. מען האָט אים געטרייסט, צוגעזאָגט אַז מען וועט אים נעמען קיין טשילע, דאָרט איז אַ גוטער קלימאַט, אַזוי ווי אין דער היים, אין פּוילן...

משה האָט געחלומט, קינדיש געגלייבט, געדאַנקט, און געזאָגט אַז ער וועט אין טשילע ווערן אַ שיכפוצער, וועט ער אויך פּרנסה האָבן... ער פלעגט פון אונטערן קישן אַרויסשלעפּן אַ געל פּאַפּירל און אַלעמען געוויזן אַ בריוו פון דער מאַמען און שוועסטער, דער לעצטער בריוו וואָס ער האָט באַקומען פאַר דער מלחמה.

די מאַמע שרייבט, אַז זי איז שטאַרק באַזאָרגט וועגן אים, צי איז ער כאָטש געזונט? פאַרוואָס שרייבט ער נישט אַזוי לאַנג? צי האָט ער שוין אין „אַמעריקע" אָן איר פאַרגעסן....

משה בעט זיך, אַז מען זאָל דעם בריוו לייענען אויפן קול. און טרערן רינען אים איבער די בלייכע איינגעפאַלענע באַקן. יאָ, ער וועט נאָך זיין מאַמען זען, זאָל ער נאָר געזונט ווערן, וועט ער קענען לעבן אָן פיס. נו, וועט ער אין טשילע, ווו עס זענען פאַראַן קיין עין־הרע אַזוי פיל יידן, נישט האָבן קיין פּרנסה ווי אַ שיכפוצער?...

**
*

שמחת־תורה אין דער פרי האָבן ייִדן אין „סירקולאָ איזראַעליטאַ״ זיך משמח געווען, געוואָלט פאַרגעסן אין אַלע צרות, וואָס היטלער, ימח שמו, טוט אָן ייִדן אין דער אַלטער היים; פאַרגעסן אין די „טאַרכעטלעך״, „קליענטעלע״, „טשווע־קעס״, „קאַבראַנץ״. ר׳ יחזקאל שוחט האָט געפּראַוועט הקפות און געזונגען מיטן עולם „שישו ושמחו בשמחת תורה״. פּלוצים איז די שמחה פאַרשטערט געוואָרן. עס איז געקומען אַ באַליוויאַנער, אַ שליח פון שפּיטאָל און איבערגעגעבן, אַז היינט ביינאַכט איז משה קאַליקע געשטאָרבן און מען בעט אַז די „פּייסאַנעס״ זאָלן אים קומען צונעמען. דאָס דאַוונען איז איבערגעריסן געוואָרן, דער שמחת־תורה איז פאַרשטערט געוואָרן.

גאָר אַ גרויסע לוויה האָט משה געהאַט. אַלע ייִדן זענען געקומען באַגלייטן דעם אומגליקלעכן צו זיין אייביקער רו. קיין ייִדישער בית־עולם איז נאָך דע־מאָלט נישט געווען, האָט מען אים מקבר געווען אויפן גויישן בית־עולם. עס איז געפאַלן אַ דראָבנער רעגן, גלייך ווי דער הימל אַליין וואָלט מיטגעוויינט אויפן אומגליק. מען האָט באַדויערט די עלנטע נשמה, אָן משפּחה. די טשאָלעס האָבן זיך געוווּנדערט און נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס אַזוי פיל „רוסאָס״ זע־נען זיך היינט צוזאַמענגעקומען אויף דער לוויה? אַ פראַנציסקאַנער גלח האָט דאָ אין שכנות ביי אַ לוויה־פּראָצעסיע אַ תפילה געפּרעפּלט, וועלכע האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם שוחטס צדוק הדין. ייִדן האָבן געזיפצט, פרויען האָבן די אויגן געווישט. דער שוחט האָט מספּיד געווען, אַ לאַנדסמאַן האָט קדיש געזאָגט. מען האָט דעם אָרון באַצייכנט מיט אַ מגן דוד, אַריינגערוקט אין נישע פון דער וואַנט. דער אומגליקלעכער משה איז צו קבורה געקומען אויפן „צמענ־טאַרזש״. דער גאַנצער עולם האָט מיטגעוויינט, וואָס אַזאַ יונגער בוים איז פאַר־שניטן געוואָרן אַזוי פּריצייטיק. נעבעך נישט געהאַט קיין מזל ביים לעבן, און אויך נישט נאָכן טויט...

# אַ שטילע לוויה

(פון באַליוויאַנער יידישן לעבן)

געהייסן האָט ער שלום גאָלדבערג, אָבער אין פּוילן האָט ער קיין גאָלדע־נע בערג נישט געהאַט, אַפילו פון זילבערנע איז געווען גאָר ווייט... אין דעם קליינעם שטעטל אין לובלינער געגנט, ווו שלום האָט געוווינט, האָט ער זיך פאַרנומען מיט מסחר, אַזוי ווי ס'רוב שטעטלדיקע ייִדן.

די צייטן זענען געוואָרן גאָר שלעכט. אויף די ירידים אין פּויזנער שטח איז שוין נישט מעגלעך געוואָרן צו פאָרן. דער אַנטיסעמיטיזם איז געווען גרויס. פּלאַקאַטן איבער די ייִדישע געשעפטן „סוואָי דאָ סוועגאָ" האָבן נישט דערלאָזט אַ גוייִשן קונה אין אַ ייִדיש געשעפט. אויף די מערק אין פּויזנער געגענט זענען די פּלעצער געוואָרן „אויסגעקויפט" פון די גוייִשע קרעמער מיט וואָכן פריִער... און אָפט מאָל האָט מען אַפילו נישט געקענט אויספּאַקן די סחורה.

אַזוי ווי שלומס אַ פריינט איז שוין געווען אין באָליוויע אַ יאָר צייט, האָט אויך שלום גאָלדבערג צוזאַמענגענומען די לעצטע פּאָר הונדערט זלאָ־טעס, בפרט אַז מען האָט געקענט באַקומען אין דער מדינה אַ וויזע אָן שווע־ריקייטן, האָט ער פאַרפּאַקט דעם שבתדיקן אָנצוג, די עטלעכע העמדער, גע־זעגנט זיך מיטן ווייב און 4־יעריקן טעכטערל, מיטן גאַנצן שטעטל און האָט זיך געלאָזט אין דער נייער מדינה באָליוויע.

שלום האָט דורכגעמאַכט דעם וועג וואָס אַלע „גרינע" אין דער נייער אימבאַקאַנטער היים. לאַנדסלייט האָבן אים געגעבן אַ פּעקל מיט וועלכן ער האָט זיך געשלעפּט איבער די הויכע בערג פון לאַ־פּאַז. שפּעטער האָט ער זיך אַריבערגעטראָגן אין דער צווייטער שטאָט פון באָליוויע, קאָטשאַבאַמבאַ, וואָס איז נישט בערגיק און איז נידעריקער ווי לאַ־פּאַז. דאָרט האָט ער פאַרגעזעצט זיין מסחר מיט די מאַריִעס, „טשאָלעס", פון וועלכע ער האָט זיך אויסגע־לערנט זייער שפּראַך קיטשוא.

שלום האָט געבענקט נאָך דער אַלטער היים, נאָכן שטעטל, נאָך דער מנוחהדיקייט, נאָך די שבתים און ימים־טובים, נאָכן ווייב און קינד. אין יעדן בריוו האָט אים זיין ווייב געשריבן די חכמות פון זייער טעכטערל... פון זייער פאַמיליע, חברים, פריינט און באַקאַנטע, און דאָ איז אים אַלץ אַזוי ווייט און פרעמד...

יעדן בריוו וואָס ער האָט באַקומען פון דער היים, האָט ער באַגאָסן מיט טרערן. יידן זענען אין קאַטשאַבאַמבאַ געווען זייער ווייניק. שלום האָט זיך באַמיט צו האַלטן מיט זיי צוזאַמען, געטראַכט אַז ער וועט זיין פאַמיליע נישט ברענגען אין דעם „ווילדן לאַנד". זאָל נאָר גאָט העלפן, אַז ער זאָל מאַכן אַ פּאָר „טאַלער", וועט ער צוריק פאָרן קיין פּוילן. אַ וועלט איז נישט הפקר — פלעגט שלום שטענדיק זאָגן, — אויך אין פּוילן וועט מסתמא בעסער ווערן...

פרייטיק פאַרטאָג, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, ווען שלום איז נאָך געלעגן אין זיין איינזאַמען צימער אויפן אייזערנעם בעטל און געטראַכט וועגן זיין טרויעריקן נע־ונד אין דער פרעמדער מדינה, האָט ער דערהערט אַן אַליאַרעם־רוף און אַ פייפן פון סירענעס. שלום האָט זיך דערשראָקן. און ווען דאָס פייפן פון די סירענעס האָט נישט אויפגעהערט, האָט ער זיך שנעל אָנגעטאָן און איז אַרויס אין גאַס, און דאָ איז ער געוויר געוואָרן די טרויעריקע נייעס, אַז דאָס פאַרוואָס ער האָט אַזוי מורא געהאַט, איז געשען: מען האָט אָנגעזאָגט, אַז אין איראָפּע איז אויסגעבראָכן די מלחמה און היטלער איז באַפאַלן פּוילן און זייט טויט און פאַרניכטונג.

אַ קאַלטער שווייס האָט שלומען באַגאָסן, ווייל פאַר דעם פאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי געשראָקן איז געוואָרן אַווירקלעכקייט. נאָך מער האָט שלומען געפייניקט דאָס געוויסן, וואָס ער האָט פאַרנאַכלעסיקט אַזאַ שאַנס. ער האָט דאָך געהאַט די מעגלעכקייט זיין ווייב און קינד אַהער צו ברענגען. איצט איז אַלץ פאַרלוירן...

אין גאַס איז געווען אַ שטאַרקע באַוועגונג. אין יידישן „סירקולאָ" זענען די אימיגראַנטן זיך צוזאַמענגעקומען. יעדנס האַרץ האָט געבלוטיקט, אַ טיפע מרה־שחורה האָט אַלעמען אַרומגענומען. מען האָט זיך צוגעהערט צו דער ראַדיאָ, וועלכע האָט איבערגעגעבן וועגן דעם מאַרש פון די דייטשע אַרמייען, וועלכע פאַרפלייצן די פּוילישע שטעטלעך און מיט שרעק האָט יעדערער געטראַכט פון זיין פאַמיליע, וואָס מען האָט איבערגעלאָזט אויף דער צווייטער זייט ים...

מיט דער צייט האָט מען זיך צוגעוווינט צו דעם חורבן אין איראָפּע. טיף אין האַרצן האָט יעדער געגלייבט, אַז זיין פאַמיליע האָט זיך געראַטעוועט. אין די ערשטע וואָכן פון דער מלחמה האָבן פיל באַקומען בריוו פון דער אַלטער היים און צווישן זיי אויך שלום. האָט ער זיך אַ ביסל באַרויִקט און זיך אַריינגעוואָרפן אין מסחר. אויפגעשטאַנען פרי און מיטן ביציקלעט געפאָרן צו די קונים. „קאָווירט", געציילט די „טאַרכעטלעך" פון עטלעכע הונדערט קליענטן און געזען, אַז אין די בענק זאָלן צוקומען שיינע טויזנטער...

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט און שלום האָט, ווי פיל אַנדערע, זיך

דערוווסט דעם טרויעריקן אמת, אַז עס איז נישטאָ קיין שום האָפענונג צו זען זיין פרוי און טעכטערל, איז אים געוואָרן ביטער אויפן האַרצן. נעכט גאַנצע האָט ער דאָס איינציקע קישן נאָס געמאַכט מיט זיינע טרערן... די איינציקע טרייסט זיינע איז געווען, וואָס צוויי ברידער האָבן זיך געראַטעוועט פון די נאַציסטישע נעגל. ער האָט זיי געבראַכט קיין באָליוויע, און אַזוי ווי ער האָט זיך שוין דעמאָלט גערעכנט פאַר אַ גביר, האָט ער די ברידער איינגעאָרדנט און זיי פאַרזאָרגט מיט אַלעם. איינעם האָט ער געמאַכט אַ געשעפט אין קאָטשאַ־באַמבאַ און דער צווייטער האָט אויסגעוואַנדערט אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

פריינט האָבן שלומען כסדר געזאָגט, אַז עס איז נישט קיין פּלאַן אַזוי איינזאַם אָפּצולעבן די יאָרן. ער דאַרף קלערן וועגן אַ פאַמיליע־לעבן, אַזוי ווי עס טוען אַנדערע, וועלכע האָבן אויך זייערע פאַמיליעס פאַרלוירן. אַזוי ווי שלום איז שוין געווען אַן „אימפּאָרטאַדאָר" און אָפט געבראַכט פון ניו־יאָרק סחורות, האָט ער זיך דאָרט באַקענט מיט אַן עלטערער מיידל, אַן אַדוואָקאַ־טין, וואָס האָט איינגעוויליקט חתונה צו האָבן מיט אים און אויסצוטוישן דאָס גרויסע ניו־יאָרק אויף דעם קליינעם באָליוויאַנער שטעטל.

שלום האָט חתונה געהאַט און געבראַכט זיין ווייבל קיין קאָטשאַבאַמבאַ, און גאָר גרויס איז געווען זיין פרייד, ווען צום יאָר האָט אים זיין „יונג" ווייבל געבוירן אַ זון. ער איז פּשוט געווען גליקלעך.

אָבער אַ שוואַרצער וואָלקן האָט זיך אַראָפּגעלאָזן איבער שלומס קאָפּ. די פרוי האָט נישט געוואָלט זיין אין דעם „ווילדן לאַנד" באָליוויע, און אויך די מאַניערן פון שלומען האָט זי נישט „געגליכן"... זי האָט אָפט מיטן קינד גע־מאַכט רייזעס צו אירע עלטערן אין ניו־יאָרק, פון וואָס שלום האָט שרעקלעך געליטן, אָבער נישט געוואָלט מאַכן קיין סקאַנדאַל און ברענגען צו לייטיש געלעכטער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די „אַדוואָקאַטין" האָט נישט אַזוי געמיינט שלומען ווי זיין געלט... און איין מאָל, ווען זיין ווייבל איז געפאָרן מיטן קינד קיין ניו־יאָרק, איז זי שוין דאָרט פאַרבליבן. און נאָך אַ פּאָר חדשים האָט שלום נישט געהאַט קיין אַנדער עצה ווי איר צו געבן אַ גט.

שלום איז צוריקגעקומען אין קאָטשאַבאַמבאַ אַ צעבראָכענער, אַן אַנ־טוישטער, און אַ פאַרשעמטער. דאָס קינד איז געבליבן ביי דער מוטער. שרעק־לעכע טעג און נעכט האָט ער איבערגעלעבט. מאַנכע פלעגן פון אים חוזק מאַכן, אַז עס האָט זיך אים פאַרגלוסט אַן אַדוואָקאַטין, נו האָט זי אים גע־מאַכט אַ „ספּראָוועקע"... און ער האָט באַשלאָסן נקמה צו נעמען. די נקמה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער איז אויף אַ פּאָר וואָכן נעלם געוואָרן פון באָ־ליוויע און איז אַוועקגעפאָרן קיין בוענאָס איירעס און פון דאָרט געבראַכט אַ ווייבל, מיט וועלכער ער האָט צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט.

ווי דאָס צוזאַמענלעבן פון דעם פּאָרל איז געווען, — דאָס וועט שוין בלייבן אַ סוד. אָבער שלומס פּנים האָט זיך נישט אויסגעלייטערט. טרויעריק, פינצטער, גערעדט ווייניק מיט מענטשן, געווען פאַרשלאָסן אין זיך, אַ רחמנות געווען אויף אים...

***

איין מאָל, אין אַ פרימאָרגן, קורץ פאַר ראש־השנה, איז קאַטשאַבאַמבאַ אויפגעציטערט געוואָרן פון אַ שרעקלעכע נייס: שלומס יונג ווייבל איז גע־האַט אַוועקגעפאָרן קיין בוענאָס איירעס, און שלום איז אַליין געבליבן אין דער וואוינונג. ווען די דינסט האָט באַמערקט אַז שלום גייט נישט אַרויס פון שלאָפ־צימער, כאָטש עס איז שוין געווען שפּעט אויפן טאָג, איז זי אַריין אין צימער און אים געטראָפן ליגן אין בעט מיט אַן איבערגעשניטענעם האַלדז, אין אַ קאַלוזשע בלוט. קיין שום בריוו האָט ער נישט איבערגעלאָזן, אָבער מען האָט פאַרשטאַנען זיין טרויעריק און פיינלעך געמיט.

אויף מאָרגן איז פאָרגעקומען די לוויה, אַ שטילע, פול מיט צער און ווייטיק. מען האָט באַדויערט שלומס יונג לעבן, וואָס האָט געהאַט אַזאַ ביטערן סוף נעבעך...

# פאַרוואָס?

געווידמעט מיין פריינדין ס. פ.

מיטן אויפקומען פון טאָג, האָט זיך שרהלע די אלמנה האַסטיק אויפגע־כאַפּט פון שלאָף. זי האָט געפילט אַ מידקייט אין די ביינער. זי האָט די נאַכט געהאַט שרעקלעכע חלומות, קאָשמאַרן. ערשט נאָך האַלבער נאַכט איז זי איינ־געשלאָפן און איצט, ווען עס האָט אָנגעהויבן צו גרויען, האָט זי זיך איבער־געוועקט.

זי האָט געכאַפּט אַ קוק אויפן זייגערל וואָס איז געלעגן אויפן נאַכט־טישל און געזען אַז זי האָט נאָך אַ קנאַפּע שעה צייט ביז מען וועט פאָרן אויפן בית־עולם אָפּדעקן די מצבה פון איר הערשעלען, וועלכער איז מיט אַ יאָר צוריק געשטאָרבן אויף יענער שרעקלעכער קרענק, אַלט זייענדיק אין גאַנצן 35 יאָר.

ווי שנעל איז דאָס יאָר אַוועק, — האָט זי צו זיך אַליין גערעדט, — און וואָס האָט זי נישט דורך דעם יאָר איבערגעלעבט...

די געדאַנקען לויפן, עס ציִען זיך בילדער ווי אין אַ פילם. די בילדער פאַרשווינדן, אַנדערע קומען אויף, געשעענישן פון איר יונג לעבן לויפן פאַרביי.

אָט זעט זי זיך ווי אַ יונג מיידל פון קוים 14 יאָר, ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן. צוזאַמען מיט דער גאַנצער פאַמיליע איז זי געווען אין לאָדזשער געטאָ, געהונגערט, דורכגעמאַכט אַלע פּיינען און צרות מיט וועלכע דאָס געטאָ־לעבן איז געווען אַזוי רייך. דערנאָך האָט מען זי געשיקט אין די פאַרשידנסטע לאַגערן, וווּ אַ שטיקל ברויט איז געווען אַ חלום; געזען הונדערטער מאָל דעם טויט פאַר די אויגן; שוין נישט געקלערט צו זען אַ מאָל די פרייע וועלט און זיך קענען אָנעסן צו דער זעט... איר מיידלשער צאַרטער קערפּער איז געווען אויסגעמוטשעט, געוואָרן איינגעשרומפּן, די הענט געשוואָלן פון אַרבעט און קעלט, ביז ענדלעך האָט זי מיט איר מוטער דערלעבט די פרייהייט און איז מיט אַנדערע שקלאַפן געוואָרן באַפרייט און אָנגעקומען קיין מינכען.

דאָרט אין מינכען איז זי צו זיך געקומען. איר קערפּער האָט זיך גע־שטאַרקט, אָנגעהויבן זיך ווי געהעריק צו אַנטוויקלען. די בלאָנדע געלאָקטע האָר און די העל־בלויע אויגן האָבן איר צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן. בחורים, ערשט באַפרייטע פון די לאַגערן, האָבן זיך געשאַרט צו דער שיינער שרהלע, אָבער זי האָט שוין אויסגעקליבן איר באַשערטן, איר הערשל...

הערשל איז אין גאַנצן עלטער געווען פון איר מיט צוויי יאָר. אַ שיינער

בחור פון מיטעלן וווקס, אַ קאָפּ שוואַרצע געלאָקטע האָר, אַ פּאָר גוטמוטיקע אויגן און אַ שיין ליכטיק אָוואַל פּנים. אויף אַן אָוונט וואָס איז פאַרגעקומען אין יידישן קלוב, האָט ער פאַרבעטן שרהלען צום טאַנצן. דאָס פּאָרל האָט געשוועבט איבערן זאַל, און אַ וואָרט אַהין און אַ וואָרט אַהער האָט מען אָפּגע־שמועסט אַ חתונה אין דריי חדשים אַרום. זי איז גליקלעך געווען.

באַלד נאָך דער חתונה איז שרהלע מיטן מאַן געפאָרן קיין ישראל, אָבער נישט קענענדיק זיך איינאָרדענען און היות מען האָט דערציילט, אַז בראַ־זיל איז אַ לאַנד ווו מען „שאַרט גאָלד" און מען קען מאַכן אַ שיין לעבן, האָט הערשל מיט שרהלען, נאָכן זיין אַ יאָר אין ישראל, אויסגעוואַנדערט קיין בראַ־זיל און זיך באַזעצט אין ריאָ.

הערשל האָט אין דער נייער מדינה אָנגעהויבן „קלאַפּן", מסחרן, אויך שרהלע האָט געמאַכט אַ מין שותפות — אַ שיינהייטס־סאַלאָן. זי איז אָבער גע־וואָרן אָפּגענאַרט און לסוף האָט זי אַ פריינד געראָטן זיי זאָלן פאָרן אין אַ ווייט שטעטל אין דרום פון לאַנד, ווו עס וועט זיי קיין פּרנסה נישט פעלן.

דערווייל האָבן זיי שוין געהאַט אַ מיידל פון צען יאָר און עס איז געווען שווער איבערצורייסן די לימודים און זיך אַוועקלאָזן אין אַ ווייטער געגנט פו־נעם גרויסן בראַזיל, ווייט פון אַ יידישן ישוב. אָבער הערשל האָט געטראָפן אַ שותף, אַ ייד פון לאַדזשער געגנט, און צוזאַמען האָט מען ווידער געפּאַקט די פּעקלעך און זיך באַזעצט אין דעם קליינעם שטעטל אויפן ווייטן דרום.

ביידע שותפים האָבן געעפנט אַ געשעפט. פון צייט צו צייט איז הערשל געקומען אין דעם גרויסן יידישן סאַן פּאַולאָ וועגן מסחר און זיין פרייד איז געווען גאָר גרויס ווען ער האָט דאָ געטראָפן זיינס אַ קוזין פון לאָדזש מיט אַ פאַמיליע. ווען ער פלעגט צו זיי קומען, איז ער געווען אַ זייער אָנגעלייגטער גאַסט און מען האָט אים אַרויסגעוויזן אַ סך פריינטלעכקייט אין אַלע הינזיכטן.

דערווייל האָט שרהלע געבוירן אַ יינגל און מען האָט אַראָפּגעבראַכט אַ מוהל פון דעם נאָענטן ישוב, מען האָט געפּראַוועט אַ ברית, צוזאַמענגעקלאַפּט אַ מנין, און סיי הערשל און סיי שרהלע האָבן איבערגעלעבט פרייד ווען עס זענען געקומען צום ברית צען יידן, מחמת מער ווי הערשל און זיין שותף זענען קיין יידן אין שטעטל נישט געווען.

וואָס לענגער הערשל איז געזעסן אין דעם פאַרוואָרפענעם שטעטל, אַלץ מער האָט אים אַ טיפע בענקשאַפט נאָך יידן אַרומגענומען. ווען נאָר ער איז געקומען קיין סאַן פּאַולאָ, פלעגט ער שטענדיק ביי זיין קוזין פאַרבלייבן עט־לעכע טעג מער, כדי זיך אָנצוזאַפּן מיט יידישקייט. און כאָטש ער איז נישט געווען רעליגיעז, האָט אים די נשמה געצויגן, געפלאַטערט, ווען עס פלעגן זיך דערנענטערן יידישע ימים־טובים, איבערהויפּט די ימים־נוראים. ווען עס

האָט זיך גראָד געמאַכט און ער איז געקומען קיין סאַן פּאַולאָ פאַר ראש־השנה, פלעגט ער שוין נישט אַוועקפאָרן ביז איבער יום־כיפור. צום דאַוונען איז ער געקומען מיטן טלית און מחזור און שטאַרק הנאה געהאַט פון די תפילות וואָס דער חזן האָט געזונגען. ער האָט זיך געפילט גאָר דערהויבן פון די פייער־לעכע טעג וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין דעם יידישן סאַן פּאַולאָ.

און שרהלע דערמאָנט זיך:

מיט בערך אַ האַלב יאָר פאַר זיין פריצייטיקן טויט, האָט ער זיך איין מאָל אין דער פרי צו איר אָנגערופן מיט די ווערטער: „דו ווייסט מיין ליבע, עס איז מיר איינגעפאַלן אַז מיר זאָלן זיך איבערציִען קיין סאַן פּאַולאָ, ווייל עס איז מיר דאָ אין שטעטל ענג און עס בענקט זיך מיר נאָך יידן...״

זי, שרהלע, ווי אַ געטרייע און איבערגעגעבענע פרוי, האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט איר מאַנס ווילן, און מען האָט ליקווידירט דאָס געשעפט. דער שותף איז געבליבן דער איינציקער באַלעבאָס און מען האָט זיך מיט מזל אי־בערגעצויגן קיין סאַן פּאַולאָ.

גרויס איז געווען די פרייד פון הערשלען ווען ער האָט באַקומען אַ וווי־נונג בשכנות פון זיין קוזין און האַרציקער קוזינע אין דעם יידישן קוואַרטאַל „באָם רעטיראָ״. הערשל האָט באַלד באַקומען אַרבעט, עס איז געווען פּרנסה און דאַן איז דאָס געשען...

*
* *

אין איינעם אַ טאָג איז הערשל געקומען פון דער אַרבעט און געפילט אַז דער לינקער פוס טוט אים וויי. ער איז געגאַנגען צו אַ דאָקטער, וועלכער האָט פאַראָרדנט צו מאַכן אַ ראַדיאָגראַפישע אויפנאַמע, שפּעטער געהייסן נעמען וויאָלעט־שטראַלן, געגעבן מעדיצינען, אָבער עס איז אַלץ ערגער און ערגער געוואָרן, די ווייטיקן אין פוס האָבן זיך פאַרשטאַרקט. די געטרייע שרהלע האָט אים גענומען אין שפּיטאָל און די דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט אַז מען מוז אים אָפּערירן.

נאָך דער אָפּעראַציע, ווען שרהלע איז אַריין צום הויפּט־דאָקטער זיך צו דערוויסן וואָס די קרענק איז, האָט דער דאָקטער אויף איר טרויעריק געקוקט, געשאָקלט מיטן קאָפּ און נישט געוואָלט איר זאָגן דעם אמת, אָבער ווען זי איז באַשטאַנען אַז ער זאָל איר אַלץ אָפן זאָגן, האָט ער נישט געהאַט קיין אַנ־דערע עצה און מיט אַ נידעריקער געדריקטער שטימע איר דערקלערט, אַז לײדער איז דאָס די אומהיילבאַרע קרענק...

אַ קאַלטער שווייס האָט דעמאָלט שרהלען באַדעקט, ווען זי האָט די טרוי־

עריקע נייעס דערהערט. די וועלט איז אין אירע אויגן שוואַרץ געוואָרן... זי האָט זיך געשטאַרקט אַז זי זאָל נישט אומפאַלן און מיט אַ געמאַכטן שמייכל אויף די ליפּן האָט זי הערשלען איבערגעגעבן אַז דער דאָקטער גיט גוטע האָפענונגען; אַז אַלץ וועט גוט זיין. ביי זיך האָט זי געטראַכט, אפשר וועט א נס געשען און זי וועט אים קענען ראַטעווען...

וואָס האָט זי נישט אַלץ איבערגעלעבט אין דעם האַלבן יאָר פון זיין קראַנקייט? סיי אין דער היים און סיי אין שפּיטאַל, ווו מען האָט אים צום צווייטן מאָל אָפּערירט און אַמפּוטירט דעם פוס, האָט זי געוואַכט ביי זיין בעט ווי אַ טרייער הונט, געלאָפן, געבראַכט קראַנקנשוועסטערס, וועלכע האָבן אים געמאַכט איינשפּריצונגען כדי זיינע ליידן צו לינדערן, נישט געשלאָפן טעג און וואַכן, אים געטרייסט, אַז אָט אָט און ער וועט געזונט ווערן, ביז יענער נאַכט...

אַ שוידער גייט איר דורך איבערן לייב, ווען זי דערמאָנט זיך: עס איז געווען האַלב צוועלף ביינאַכט, זי איז זיך אַ גאַנצן טאָג אָנגעלאָפן, געבראַכט די פאַרשידנסטע איינשפּריצונגען. זייט נעכטן האָט שוין הערשל געהאַט פאַרלוירן דעם באַוווסטזיין. ער האָט אויף איר געקוקט מיט שטומע בליקן, די אייגן שטאַר, נישט גערעדט, געסאַפּעט, געראַנגלט זיך מיטן טויט. זי איז צערִיסן געוואָרן פאַר צער און ווייטיק, דאָס האַרץ אירס האָט געצאַפּלט זעענדיק די שרעקלעכע יסורים מיט וועלכע איר טייערער חבר און לעבנס־באַגלייטער ראַנגלט זיך. די פיס האָבן איר געבראַכן און אין גאַנצן קערפּער האָט זי געפילט אַ מידקייט, אַזוי ווי מיט בליי אָנגעגאָסן. די מוטער האָט זי מיט געוואַלד אַוועקגעשלעפּט פון בעט אין צווייטן צימער, ווו זי האָט זיך אויף עטלעכע מינוט צוגעשפּאַרט און איז איינגעדרימלט...

קוים ווי זי איז אַ צען מינוט אַזוי געלעגן האַלב וואַך, האָט זיך אין צווייטן צימער געהערט אַ טומל, דאָס האָט הערשל אַ כראָפּע געטאָן און זיין לעצטן אָטעם אויסגעהויכט...

אַ גרויסע לוויה איז אויף מאָרגן געווען. מענטשן האָבן באַדויערט, מיטגעוויינט. אַזאַ יונג לעבן פאַרשניטן געוואָרן. מען האָט זי געטרייסט, אויסגערעדט. אַ פריינד האָט אַ הספד געהאַלטן. זי האָט אויף אַלעם געקוקט שטאַר, נישט געקענט וויינען. דאָס האַרץ האָט געבלוטיקט. מען האָט אַ מנין געשאַפן וואָס זאָל דאַוונען די אַכט טעג פון שבעה, אַ נשמה־ליכטל אָנגעצונדן. און זי האָט געקוקט און געזען הערשלס פּנים, וואָס זי האָט נאָך ביז היינט נישט פאַרגעסן...

***

זי הייבט זיך האָסטיק אויף פון בעט, טוט אָן דאָס שוואַרצע קלייד, דעם בלאָנדן נאָך קינדערישן קאָפּ נעמט זי אַרום מיט אַ שוואַרצן שאַל און איילט זיך צום בית־עולם אָפּדעקן די מצבה, באַצאָלן איר הערשלען דעם חוב וואָס זי איז אים נאָך געבליבן שולדיק... און גייענדיק אויף די שטיגן הערט זי נישט אויף איבערצוחזרן אַלץ די זעלבע ווערטער: פאַרוואָס, פאַרוואָס גאָט, איז מיר דאָס געקומען?...

# ווי איך האָב אַמאָל פון פּוילן געשיקט ביכער קיין אויסלאַנד...

מיינער אַן אַלטער, ליבער חבר אין דער שווייץ האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל אים שיקן אַ ביסל ייִדישע ביכער. ער חלשט ממש נאָך פּרצן, ער וויל זיך קוויקן מיטן לעקסיקאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור, אַ ביסל ד״ר בעל מחש־בות, אַ ברעקל ד״ר שיפּער אאַז״וו.

מילא, האָב איך געוואָלט מהנה זיין מיין אַלטן חבר און דערפילן זיין בקשה. אָבער היות ווי איך האָב אין מיין שטאָט די דערמאָנטע ביכער נישט גע־קענט קריגן, האָב איך גערעדט מיט אַן אייגנטימער פון אַ בוכהאַנדלונג און יענער האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט אַ וואַרשעווער פאַרלעגער. דער לעצטער האָט ערשט די ביכער געלאָזט בינדן און נאָך עטלעכע וואָכן זענען די ביכער מיט מזל אָנגעקומען צו מיר.

כ׳האָב אָנגעהויבן אונטערצוהאַנדלען מכוח באַדינגונגען, כ׳האָב געוואָלט געבן אַ וועקסל (אַזוי ווי „לייטישע" מענטשן פירן זיך), האָט מען געזאָגט „לא" און כ׳בין געווען געצוווּנגען צו צאָלן מזומנים. אָבער איך האָב אַלע מניעות באַזייטיקט און די ביכער זענען געווען גרייט אַוועקצושיקן אין אַ מזלדיקער שעה.

עס רעדט זיך נאָר אַזוי לייכט: אַוועקשיקן ביכער פון פּוילן קיין אויס־לאַנד.

קודם־כל האָט מען מיר געזאָגט, אַז מען נעמט נישט אָן קיין פּעקל וואָס וועגט מער ווי צען קילאָ. האָב איך געמוזט מאַכן צוויי פּעקלעך, כ׳האָב זיי גוט פאַרפּאַקט, פאַרבונדן, אויסגעשמירט מיט לאַק, פלאָמבירט און ערשט האָט זיך אָנגעהויבן די ריכטיקע אַרבעט אָנצושרייבן בלאַנקעטן.

אויף יעדן פּעקל מוזן זיין פינף בלאַנקעטן. אויפשרייבן דאַרף מען אויף פּויליש און פראַנצויזיש. די בלאַנקעטן זענען פון פאַרשידענע קאָלירן: גרינע, בלויע, ווייסע מיט רויט, דאָן מוז מען אויפקלעפּן ספּעציעלע פּאָסטמאַרקן, און נאָך אַזעלכע עטלעכע קלייניקייטן, און ווען איך בין שוין מיט דעם אַלעם פאַר־טיק געוואָרן, האָב איך גענומען די פּעקלעך מיט די פּאַפּירן און זיך געלאָזט גיין אויף דער פּאָסט.

געקומען אויף דער פּאָסט, ווייזט זיך אַרויס, אַז עטלעכע רובריקן זענען נישט בקו הישר, מען מוז נאָך צושרייבן, אויסמעקן. בקיצור, איך בין געשטאַ־

בען אין דער ריי און געוואַרט. מען האָט מיך געשטופּט, געשטויסן. ענדלעך נאָך אַ צוויי שעה וואַרטן, שרייבן, אויסמעקן, שוויצן, בין איך צוגעקומען צום פענצ־טערל, און נאָכן אָפּוועגן, אָפּמעסטן, אויסרעכענען, האָב איך באַצאָלט ווי אַ טאַ־טע די פּאָר שקלים וואָס מען האָט פון מיר פאַרלאַנגט, און מען האָט פון מיר די פּעקלעך צוגענומען אַוועקצושיקן גלייך אין דער שווייץ.

וואָס זאָל איך אייך זאָגן? כ׳בין געווען אין זיבעטן הימל. אַ קלייניקייט: מיין ידיד וועט דערהאַלטן פון מיר די טייערע מתנה, וועט ער זיך שמעלצן פאַר נחת... יעדער טאָג וואָס איז אַוועקגעגאַנגען, בין איך געווען גליקלעכער, ווייל אָט אָט און מיינע פּעקלעך ביכער זענען שוין אין דער שווייץ. ווען עס זענען פאַרביי פינף טעג, האָב איך אויסגערעכנט אַז די ביכער געפינען זיך שוין ביי מיין חבר אין הויז און ער לייענט זיי שוין און האָט הנאה. כ׳האָב מיר פאָרגע־שטעלט ווי ער בלעטערט פרצן און קוועלט פון אים (דאָס גאַנצע פּנים לאַכט ביי אים געוויס), ער קוויקט זיך מיטן לעקסיקאָן. ד״ר שיפּערס ווערק זענען אויך נישט קיין בבל... ער איז זיכער צופרידן פון די שיינע איינבונדן און מן הסתם איז ער מיר זייער דאַנקבאַר פאַר דער מתנה.

אַזוי ווי איך פאַנטאַזיר, דערהער איך פלוצים אַ שטאַרק קלינגען. איך עפן די טיר, עס קומט אַריין אַ באַאַמטער און בעט מיך אַז איך זאָל זיך מטריח זיין און גיין מיט אים אויף דער פּאָסט, מחמת די ביכער זענען פאַרהאַלטן געוואָרן אין קראָקע אין „אורזשאָנד צעלני״.

דערהערט אַזעלכע דיבורים, בין איך באַלד אַוועק אויף דער פּאָסט און דאָרט האָט מען מיר געזאָגט, אַז אַזוי ווי די צוויי פּעקלעך ביכער האָבן די ווערט פון העכער הונדערט זלאָטעס, מוז איך אין הסכם מיט די דעוויזן־באַגרענעצונ־גען האָבן אַ „זאַשווי‎אַדטשעניע ראָזראַכונקאָווע״ פון דער „איזבאַ פּרזשעמיסלאָ־וואַ־האַנדלאָוואַ״ אין לאָדזש...

עס איז מיר געוואָרן הייס און קאַלט, ס׳האָט מיך געוואָרפן ווי אין קדחת. כ׳האָב פּשוט דאָס לשון פאַרלוירן פאַר עגמת־נפש. כ׳בין געלאָפן פון איין באַ־אַמטן צום צווייטן, כ׳האָב געבעטן עצות. האָט מען מיר געראָטן זיך צו ווענדן צו אַ געוויסער פירמע וועלכע האַנדלט מיט אויסלאַנד. פון דאָרט בין איך ווי־דער געלאָפן אויף דער פּאָסט. כ׳האָב מיך געווענדט צום הויפּט „קעראָווניק״, וועלכער האָט פאַר מיר אַנטוויקלט אַ גאַנצע טעאָריע פון האַנדלס־אָפּמאַכן און קאָנווענצן. —אַזוי ווי פּוילן,— זאָגט ער — האָט נישט אַזאַ אָפּמאַך מיט דער שווייץ, מוז איך האָבן אַ „דעוויזן־באַשייניגונג״, און דאָס געלט מוז איך באַקו־מען פון אַ באַנק, אַזוי ווי אַלע אַנדערע גרויסע סוחרים... איבעריקנס, —גיט מיר צו פאַרשטיין דער קעראָווניק, — אויב איך קען באַקומען אַ באַשטעטיקונג

פון סטאַראָסטווע אָדער מאַגיסטראַט, אַז איך בין נישט קיין סוחר און האַנדל נישט מיט קיין ביכער, קען עס אפשר האָבן אַ פּעולה...

בקיצור, כ׳בין געלאָפן אין מאַגיסטראַט, האָט מען מיר געזאָגט אַז איך מוז אָנשרייבן אַ ביטע, אַרויפקלעפן מאַרקעס פון „אורזשאַנד סקאַרבאָווי״, וועט מען מאַכן אַ „וויוויאַד״ און דאָס וועט נאָר דויערן עטלעכע וואָכן, וועל איך באַקומען אַן ענטפער.

זעענדיק אַז דאָס איז אַ מעשה אָן אַן עק, האָב איך באַשלאָסן איין פּעקל ביכער צוריקצושיקן פון קראָקע און אָנשרייבן אַ ביטע, אַז מען זאָל כאָטש איין פּעקל אָוועקשיקן קיין שווייץ, ווייל בטבע בין איך אַ מענטש וואָס האַנדלט נישט מיט קיין ביכער...

עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַן אַרבעט אָנצושרייבן אַ האַלב טוץ בלאַנקעטן, צולייגן אַ רעקלאַמאַציע. נאָכן אַרויפקלעפן די געהעריקע מאַרקעס האָט מען די פּאַפּירן פון מיר צוגענומען.

עס זענען אָוועק עטלעכע וואָכן, און איך האָב קיין שום ידיעה נישט באַקומען וועגן די ביכער. האָב איך נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און זיך אַריינגעכאַפּט אין לאָדזש, אין דער „איזבאַ פּרזשעמיסלאָווא האַנדלאָוואַ״.

קומענדיק אין דער „איזבאַ״, האָט מיך דער „וואָזשני״ געמאָלדן צום דעלעגאַט פון פּ.ט.ה.ק. (עפּעס אַזעלכע ראשי־תיבות). כ׳בין געשטאַנען אין אַ ריי צוזאַמען מיט גאָר גרויסע סוחרים, פאַבריקאַנטן, אינדוסטריעלער וואָס מאַכן גרויסע טראַנזאַקציעס מיט אויסלאַנד, און איך בין אויך געקומען מיט מיין „טראַנזאַקציע״ ביכער פאַר דער שווייץ... ענדלעך בין איך געוואָרן אויפגענומען דורכן דעלעגאַט און נאָכן אויסהערן מיין בקשה, האָט ער מיך געהייסן אָנשרייבן אַ געהעריקע ביטע. דאַן האָב איך אויסגעפילט ווידער אַ מנין בלאַנקעטן. כ׳האָב אויך געמוזט פאַרשטעלן דאָקומענטן, אַז איך האַנדל נישט, חס־ושלום, מיט קיין ביכער. ערשט אויפן צווייטן טאָג האָב איך באַקומען שוואַרץ אויף ווייס אַ דערלויבעניש אויף מיינע צוויי פּעקלעך ביכער, וועלכע זענען כשר אַז איך זאָל זיי אַרויסשיקן אין דער שווייץ...

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

איר ווילט דאָך אַוודאי וויסן דעם סוף? גאַנץ איינפאַך: נאָך עטלעכע וואָכן האָט מיין פריינט דערהאַלטן איין פּעקל, און דאָס צווייטע פּעקל האָב איך פון קראָקע צוריקבאַקומען. עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב נאָך געמוזט צוצאָלן עטלעכע זלאָטעס פאַרן צוריקשיקן. עס איז אָבער אינטערעסאַנט, אַז מיין פריינט

האָט דערהאַלטן עטלעכע בענד פּרצן און די איבעריקע זענען ביי מיר. פון לעקסיקאָן האָט ער דערהאַלטן צוויי בענד און די איבעריקע — זענען ביי מיר... און אַזוי איז אויך מיט די אַנדערע ביכער. איצט, ווען איך וועל מיך אַ ביסל אָפּרוען פון דער אַרבעט וואָס איך האָב געהאַט, וועל איך אַוועקשיקן דאָס צווייטע פּעקל. איך האָב אויסגערעכנט, אַז צוזאַמען האָב איך אונטערגעשריבן און אויסגעשריבן נישט מער ווי אַכטאונצוואַנציק בלאַנקעטן פון די פאַרשידנ־סטע קאָלירן און אַלץ דערפאַר וואָס איך האָב געוואָלט שיקן אַ ביסל קולטור קיין אויסלאַנד...

# אַ וווינונג מיט באַקוועמלעכקייטן...

פר׳יער גאָט און דערנאָך די מעקלערס, האָבן מיך ענדלעך מזכה געווען מיט אַ וווינונג מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, אַזוי ווי איך אַליין האָב געוואָלט. צוריקגעשמועסט אַפילו, רעדט זיך נאָר אַזוי „ווי איך האָב געוואָלט״. טראָץ די אַלע מעלות האָט די וווינונג אויך געוויסע חסרונות, למשל: צופיל שטיגן; אַ שכן מיט אַ ווייב און אַ קינד וואָס שרייט אַ גאַנצע נאַכט און לאָזט קיין אויג נישט צוטאָן און נאָך אַזעלכע קלייניקייטן. אָבער, אַנטקעגן די אַלע וווינונגען וואָס איך האָב לעצטנס געזען, איז דאָס שוין געווען אַ וווינונג מיט גאָר אַ סך מעלות און די הויפּטזאַך, מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, מיט אַ פיינער וואַנע און דוש פון וועלכע איך האָב אַ לאַנגע צייט געחלומט...

מילא, די ערשטע פּאָר טעג וואָס מיר האָבן זיך אַריינגעצויגן אין דער נייער וווינונג האָבן מיר געהאַט גענוג אַרבעט מיטן איינאָרדענען און אַוועקשטעלן דאָס מעבל, אַזוי אַז איך האָב פשוט נישט געהאַט קיין צייט זיך צו מאַכן אַ באָד. ערשט אַז איך בין שוין אַ ביסל געוואָרן פריי פון דער אַרבעט, האָב איך מיך געגומען מכין זיין צו נעמען די אמתע באָד. ערשט, מיין שכן איז דאָ. באשר וואָס? באשר דאָס קינד איז לעצטנס געווען קראַנק (דערפאַר האָט מען נישט געקענט שלאָפן) און מען האָט עס נישט געקענט באָדן, און אַזוי ווי עס איז אים שוין ברוך־השם בעסער, מוז מען עס אַלע טאָג באָדן. לכן, בעט ער מיך אַלס „מענטש״, אַז איך זאָל „אָפּטרעטן״... און אַזוי ווי עס וועט שוין זיין הייס וואַסער, — זאָגט מיין שכן, דער סובלאָקאַטאָר, — וועט ער אויך שוין אַריינכאַפּן אַ באָד... נו, ווי קען מען עפּעס זיין אַזאַ גזלן, אַז אַ מענטש רעדט אַזוי אָנשטענדיק? האָב איך טאַקע אָפּגעטראָטן, אַזוי ווי אַן אָרנטלעכער מענטש דאַרף טאָן.

צו מאָרגנס, מען קלינגט. איך עפן די טיר און עס קומט אַריין די מומע גנענדל מיט דער טאָכטער מירל, מיין קוזינע. מיט אַ ברייטן גוט־מאָרגן און מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן פרעגט מיך די מומע גנענדל, צי איך וועל נישט האָבן דאַקעגן, אויב זי וועט זיך מאַכן אַ וואַנע צוזאַמען מיט איר טאָכטער, מחמת מען האָט איר געשטעלט באַנקעס און מען האָט איר געזאָגט אַז זי זאָל נעמען כאָטש פיר בעדער יעדע וואָך... וואָס הייסט איך וועל זיין דאַקעגן? — ענטפער איך — ווי קען מען דאָס זיין אַזוי גראָב און אָפּזאָגן אַז מען האָט אַזאַ וווינונג מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן. בקיצור, איך האָב „פאַרוואָלעט״ און מיין מומע גנענדל מיט דער קוזינע מירל (פון דער מאַמעס צד) האָבן זיך געשמאַק

געקומען צו דער מלאכה און כ׳האָב מיין באָד אָפּגעלייגט אויף אַ טאָג שפּעטער.

די מומע איז אַוועק ערשט אין אָוונט און נישט אויפגעהערט מיר צו ווינ־טשן דאָס אייביקע לעבן, נישט אויפגעהערט צו לויבן די וווינונג מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן. באַלד נאָך איר אַוועקגיין איז אַריינגעקומען דער פעטער הערשל מיטן שיטערן גרויען בערדל, וואָס זעט אויס ווי אַן אויסגעפּליקט געגנדזל... ביי דער האַנט האָט ער געפירט אַ יינגל, זיין אייניקל פון אַ יאָר זעקס מיט אַ צוגעבונדן קעפּל. נאָך דעם ווי ער האָט געזאָגט אַ נישט־דרייסטן גוטן־אָוונט, האָט ער מיר דערציילט אַז זיין אייניקל משה חיימל האָט עפּעס באַקו־מען אַ שטיקל „אויסשיטונג" אויפן קעפּל. עס איז חס־ושלום נישט קיין פּאַרך (אַזוי האָט אים געזאָגט דער דאָקטער) און דער דאָקטער האָט אים טאָקע פאַר־שריבן אַ גרינע זאַלב צו שמירן דאָס קעפּל און דער עיקר — וואַשן דעם קאָפּ.

נו, — טענהט צו מיר דער פעטער הערשל, — ווו האָב איך נאָך אַזאַ גוט גע־לעגנהייט? אַז גאָט האָט דיר געהאָלפן און דו האָסט אַ וווינונג מיט אַלע באַ־קוועמלעכקייטן, טאָ ווו וועל איך קענען דעם קינד אַזוי גוט אויסוואַשן דאָס קעפּל ווי ביי דיר אין באָדצימער? מיין פעטער איז דאָך טאָקע גערעכט. מען דאַרף דאָך האָבן אַ האַרץ פון אַ טאַטער, אַז מען זאָל אַזאַ „קלייניקייט" אָפּזאָגן אַן אייגענעם פעטער, אייגן בלוט און פלייש, און נאָך דערצו ווען ס׳גייט וועגן אַ רפואה... אין איין וועגס, — זאָגט דער פעטער הערשל, — וועט ער זיך שוין אויך אָפּבאָדן, ער האָט נישט מורא אַז ער וועט זיך אָנשטעקן, ער איז אַ גע־וועזענער רוסישער סאָלדאַט...

הכלל וואָס זאָל איך דאָ לאַנג ברייען? כ׳האָב ווייטער אָפּגעלייגט מיין באָד ביז ס׳וועט זיך מאַכן אַ גוטע געלעגנהייט און דאָס באָדצימער וועט ווערן פריי...

גאָט האָט געהאָלפן און איך בין פּטור געוואָרן פון פעטער הערשל מיטן אייניקל, וואָס האָט עפּעס אַן „אויסשיטונג" אויפן קעפּל. איך האָב געדאַנקט גאָט און געמיינט אַז איך האָב שוין נישט קיין משפּחה, האָב איך אָבער גע־האָט אַ גרויסן טעות. איך האָב אין גאַנצן פאַרגעסן די מומע רבקה (פון טאַטנס צד), וועלכע ליידט שוין פון לאַנגע יאָרן אויף רעומאַטיזם... און ווער דאַרף נאָך אַזוי נייטיק בעדער ווי זי? און אָט איז זי טאַקע געקומען צו מיר מיט אַ פּעקל טשעכאָטשינקער זאַלץ אונטערן אָרעם און זי האָט נאָך געהאָט צו מיר אַ טענה, פאַרוואָס איך האָב איר נישט געזאָגט אַז איך האָב אַ וווינונג מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן און זי האָט ערשט געמוזט געוויר ווערן פון אַנדערע...

געוואַלד, יידן! גיט מיר עפּעס אַן עצה, אָדער שאַפט מיר אַ וווינונג אָן באַקוועמלעכקייטן, מחמת מיין משפּחה פאַרגרעסערט זיך פון טאָג צו טאָג און פון שעה צו שעה. איך האָב שטאַרק מורא אַז עס וועט נאָך צו מיר קומען משפּחה פון דער פּראָווינץ, אַלץ צוליב מיין וווינונג מיט באַקוועמלעכקייטן...

# כ'האָב זיך איבערגעצויגן...

כ'האָב מיך איבערגעצויגן אין אַ נייער וווינונג. נו, מילא, קענט איר זיך פאָרשטעלן אַז קיין אַרבעט האָט מיר נישט געפעלט. עטלעכע טעג האָב איך ממש געאַרבעט ווי אַן אייזל, געהאָט צו טאָן מיט מאַלאַרזשעס, טישלער, סטאָ־לער און ערשט שפּעטער מיט טרעגער. און טרעגער, דאַרפט איר וויסן, האָבן אַ כלל, אַז ווען זיי פירן איבער אַ ביסל מעבל מוזן זיי עס כאַטש אַ קליין ביסל צעברעכן... פון אַ טיש מוז פעלן אַ שטיקל פוס, פון אַ שראַנק מוז זיין אַ שטיקל געזימס אָפּגעהאַקט, פון דער סאָפע מוז אַרויס די שפּרינג־פעדער און כדומה. בין איך טאַקע די גאַנצע צייט וואָס מען האָט דאָס מעבל איבערגעפירט, גע־שטאַנען אין איין ציטערניש, אַז מען זאָל מיר אין דער נייער וווינונג נישט ברענגען קיין צעבראָכענע בעטן, צעהאַקטע געשיר, שטיקלעך שפּיגל, דער טיש זאָל האָבן אַלע פיר פיס אאַז״וו. ביז גאָט האָט געהאָלפן און דער „קריזיס״ (איך מיין נישט דעם ווירטשאַפטלעכן, חס־ושלום) איז אַדורך בשלום און איך האָב דערזען מיט מיינע אייגענע אויגן מיין ביסל באַלעבאַטישקייט אין דער נייער וווינונג כמעט (עס רעדט זיך נאָר אַזוי) גאַנצערהייט. עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך געפרייט און כאַטש איך בין געווען טויט־מיד, האָב איך מיט די לעצטע כוחות אָנגעקלאַפּט אויף דער קאָרידאָר־טיר דאָס מעשענע שילדל און דעם גלאָק, בכדי מענטשן זאָלן וויסן אויף זיכער אַז איך האָב זיך איבער־געצויגן אין אַ נייער וווינונג.

אָפּגעטאָן דאָס שטיקל אַרבעט און פילנדיק זיך מיד, האָב איך מיך אַ ביסל צוגעלייגט אויף דער קאַנאַפּע זיך אָפּרוען און אין איין וועגס אַריינכאַפּן אַ דרימל. אָבער ווי זאָגט מען עס: דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט, און אַזוי איז אויך מיט מיר געווען. איר מעגט עס אויף טשעקאַוועס אויסהערן.

איך האָב נאָך נישט באַוויזן רעכט איינצודרימלען און אויפצונעמען דעם ערשטן זיסן חלום, פּלוצים — גלין! גלין! אַ שטאַרק קלינגען פון דעם גלאָק האָט מיך אויפגעוועקט. פאַרשלאָפן און וואַקלענדיק זיך ווי אַ שיכור האָב איך מיך דערשלעפּט צו דער טיר. איך עפן, עס קומט אַריין אַ ברייטע ייִדענע, אָנ־געטאָן אין אַ ווייסן פאַרטוך, גיט מיר אָפּ אַ ברייטן גוט־מאָרגן צוזאַמען מיט אַ מזל־טוב. איך פרעג דער ייִדענע וואָס זי פאַרלאַנגט, פאַרשנורעוועט זי די גראָבע ליפּן, פינטלט מיט די אויגן און מיט אַ געמאַכט זיס שמייכעלע זאָגט זי מיר:

— איך האָב געהערט אַז איר האָט זיך איבערגעצויגן, און איך האָב דאָ נישט ווייט, ממש אַ פּאָר טריט פון דאַנען אַ קאָלאָניאַל־געוועלב, וואָס מען באַקומט דערין פון אַלעם גוטן, פון זויערע אוגערקעס ביז — מאַריגירטע הע־רינג... נו, האָב איך אייך געוואָלט בעטן, אַז איר זאָלט אין ערגעץ נישט קויפן נאָר ביי מיר, איך פאַרזיכער אייך, — גיט זי צו, — אַז איר וועט זיין צופרידן, מחמת ביי מיר קענט איר קויפן פאַר געלט און אויך אויפן ביכל... אַזוי ווי אַלע אַנדערע שכנים.

איך האָב דער ברייטער ייִדענע מיטן ווייסן פאַרטוך געדאַנקט פאַרן קרע־דיט וואָס זי האָט מיר אָנגעבאָטן און געזאָגט, אַז לעת־עתה דאַרף איך גאָר־נישט, ווייל מיין פאַמיליע איז נאָך אויף זומער־וווינונג, נאָר אַז מיר וועלן דאַרפן, פאַרוואָס נישט?

די ייִדענע איז אַוועק אַ צופרידענע, אַז זי האָט „דעראָבערט" אַ פרישן קונה און איך האָב מיך צוגעלייגט. נישט באַוויזן רעכט איינצושלאָפן, ערשט עס דערהערט זיך אַ קלונג, אַז איך בין שיעור פון דער הויט אַרויסגעשפּרונ־גען (איר דאַרפט וויסן, אַז דער גלאָק איז געווען אַ נייער...). איך לאָז מיך שנעל לויפן צו דער טיר און עפן געשווינד. עס שאַרט זיך אַריין אַ ייִד מיט אַ שוואַרצער באָרד און אַן איינגעריסט פּנים, אַזוי ווי אַ קוימענקערער. פרעג איך אים שוין אַ ביסל מיט כעס: — וואָס פאַרלאַנגט איר, וואָס איר קלינגט אַזוי שטאַרק? דער ייִד בלייבט אַ ביסל געפּלעפט און פאַרשעמט און הייבט אָן צו שטאַמלען:

— הם... פאַרשטייט איר מיך... כ'האָב געהערט אַז איר האָט זיך איבער־געצויגן... נו, זאָל זיין מיט מזל... האָב איך אייך געוואָלט בעטן, אַזוי ווי דאָ נישט ווייט איז מיין קוילן־סקלאַד, זאָלט איר אַזוי גוט זיין און קויפן ביי מיר... אַלע שכנים, — לאָזט דער ייִד מיך נישט קומען צום וואָרט, — קויפן ביי מיר קוילן און זיי זענען זייער צופרידן, ווייל מיינע קוילן זענען די בעסטע און לאָזן איבער אַ גוטן אַש...

— ר' ייִד — האָב איך אים איבערגעריסן — איך דאַרף דערווייל נישט קיין קוילן מיט גוטן אַש, ווייל מיין פאַמיליע איז נאָך אויף זומער־וווינונג, און ווען זיי וועלן בשלום קומען, וועלן מיר ביי קיין אַנדערן נישט קויפן ווי ביי אייך... און דערווייל וויל איך אַביסל שלאָפן...

קוים מיט צרות האָב איך דעם קוילן־ייִד אַרויסגעקריגן פון קאָרידאָר, פאַרשלאָסן די טיר, און ווידער זיך צוגעלייגט אויף דער קאַנאַפּע און געהאָפט אַז יעצט וועט מיר שוין דאָס מזל צושפּילן און איך וועל קענען רויִק איינשלאָפן.

איך האָב נאָך נישט באַוויזן זיך צוצודעקן מיט דער קאָלדערע, אַהאַ! מען קלינגט שוין ווידער! איך בין געוואָרן אויסער זיך פאַר כעס. וואָס הייסט עס

עפּעס אַז מען זאָל אין אַ נייער וווינונג נישט האָבן קיין מנוחה, אַ דרימל אַרייג־צוכאַפּן? און איך האָב באַשלאָסן אַז טאָמער וועט עס ווידער זיין עפּעס אַזאַ קוילן־ייִד, וועל איך דעם גאַנצן כעס צו אים אויסלאָזן.

איך עפן די טיר, עס קומט אַריין אַן עלטערע פרוי מיט אַ טאָכטער פון אַ יאָר צוואַנציק, מיט אַ וואַליזקע אין דער האַנט, און עלעגאַנט אָנגעטאָן. איך האָב געטראַכט אַז מען קומט צו מיר וועגן אַ שידוך פאַר מיין זון... עס פאַר־שטייט זיך אַז מען האָט מיר אָפּגעגעבן אַ ברייטן גוט־מאָרגן. איך האָב אָנגע־הויבן קלערן: אפשר זענען דאָס וייטע קרובים פון דער פּראָווינץ, וועלכע האָבן געהערט אַז איך האָב מיך איבערגעצויגן, זענען זיי געקומען צו מיר אַביסל צו גאַסט...

איך פרעג אין ציטערניש די פרוי — און בשעת־מעשה קוק איך אויף דער טאָכטער — וואָס זי פאַרלאַנגט? דאָ הייבן ביידע אָן מיטאַמאָל צו רעדן...

— מיר האָבן געהערט אַז איר האָט זיך איבערגעצויגן, און מיר זענען נישט קיין היגע. מיר האָבן צו פאַרקויפן פאַרשידענע גאַרדינען, קאָלדערעס צו בעטן, נו האָבן מיר געוואָלט ביי איך לייזן. עס זענען פאַראַן גאַרדינען פאַרשידענע — ציט ווייטער די פרוי און די טאָכטער העלפט איר צו — מיר האָבן גאַרדינען, טיולענע, האַנט־אַרבעט, אויסגענייט, און עס דאַרף קיין סך נישט קאָסטן. איר וועט נאָר איינצאָלן אַ העלפט און דאָס איבעריקע וועט שוין אייער פרוי אויסצאָלן אין ראַטעס... — און אַזוי ווי די מוטער רעדט, איז די טאָכטער נישט פויל און הייבט אָן אויסצופּאַקן גאַרדינען טיולענע, אויסגענייט מיט דער האַנט.

אַז גאָט האָט געהאָלפן אַז איך האָב געקענט קומען צום וואָרט (נישט אַזוי לייכט איז עס מיר אָנגעקומען), האָב איך די מוטער מיט דער טאָכטער געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דערווייל דאַרף איך נישט קיין גאַרדינען, ווייל מיין פאַמיליע איז נאָך אויף זומער־וווינונג, און אַזוי ווי מיין פרוי וועט נאָר קומען וועל איך איר באַלד איבערגעבן וועגן דער ווילדער מציאה...

די פרוי מיט דער טאָכטער האָבן איינגעפּאַקט די סחורה, כ'האָב זיי באַ־גלייט צו דער טיר, נאָכאַמאָל צוגעזאָגט אַלץ איבערצוגעבן מיין פרוי, געזעגנט זיך און פאַרשלאָסן די טיר און זיך צוריקגעלייגט, ענדלעך אַביסל איינצו־שלאָפן.

איך האָב שוין אָבער מער נישט געקענט שלאָפן. בין איך אַזוי געלעגן מיט אָפענע אויגן, באַטראַכט דאָס צימער, צי עס איז שיין אויסגעמאָלט, צי די רויטע פאַסן זענען נישט צו רויט. ערשט אַ פרישער קלינג, אַז איך בין אַזש אויפגעשפּרונגען. איך עפן ווידער די טיר, עס קומט אַריין מיין אַלטער שוס־טער. מיט אַ שמייכל רוקט ער מיר אַריין די פאַרסמאָלעטע האַנט און ווינטשט

מיר אַז עס זאָל זײַן מיט מזל און ברכה. איך האָב געהערט — זאָגט ער — אַז איר האָט זיך איבערגעצויגן... בין איך אייך געקומען ווינטשן און גלײַכצײַטיק בעטן אַז אויב איר וועט עפּעס דאַרפֿן אַרבעט פֿון מײַן פֿאַך, זאָלט איר אין מיר נישט פֿאַרגעסן. איר וועט זײַן אַזוי צופֿרידן ווי ביז איצט.

איך האָב מײַן שוסטער פֿאַרזיכערט אַז דערווײַל דאַרפֿן מיר גאָרנישט, ווײַל מײַן פֿאַמיליע איז נאָך אויף זומער־וווינונג און מיר טראָגן איצט איבער־הויפּט נישט קיין שיך, און אויב איך וועל דאַרפֿן, וועל איך צו ווײַסן טאָן.

געלויבט השם יתברך געפּטרט דעם שוסטער, איך וויל מיך שוין אַנידער־זעצן כאָטש לייענען אַ צײַטונג, אָבער איך דערהער ווידער אַ קלינג, ווי אַ שאָס פֿון אַ האַרמאַט. איך האָב מיך נישט געקענט באַהערשן, בין צוגעלאָפֿן צו דער טיר און גענומען שרײַען ווי נישט מיט מײַן קול: גוואַלד! וואָס ווילט איר פֿון מיר האָבן! איך דאַרף נישט קיין קאַלאַניאַל! נישט קיין קוילן מיט גוטן אַש! איך דאַרף אויף כּפּרות גאַרדינען פֿון האַנט־אַרבעט! איך טראָג נישט קיין שיך! גייט צו אַלדע רוחות און לאָזט מיך אַביסל שלאָפֿן!...

**
*

— צאָ פּאַן טאַק קזשיטשי? יאַ יעסטעם ז׳גאַזאָווני, — דערהער איך אַ גויִיש קול. האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז די גאַזאָווניע האָט מיר געשיקט אַ מענטש אָנצולייגן דעם גאַז־זייגער. איך האָב אים אָן ווערטער אַרײַנגעלאָזט, שנעל געכאַפּט דעם האַמער מיט דער צוואַנג, צעהאַקט דעם גלאָק און אויס! נישטאָ מער קיין גלאָק און זאָל מען מיך אויפֿהערן צו מאַטערן.

ערשט שפּעטער אַז איך האָב זיך אַביסל באַרויִקט, האָב איך מיך דער־מאָנט אַז טרעפֿנדיק הײַנט דעם רעדאַקטאָר פֿון „בלאַט״ האָט ער פֿון מיר פֿאַר־לאַנגט אַז איך זאָל עפּעס אָנשרײַבן לכבוד שבת. איז מיר אײַנגעפֿאַלן אַ גע־דאַנק, פֿאַרוואָס זאָל איך נישט באַשרײַבן מײַן הײַנטיקע איבערלעבעניש? כ׳לעבן עס קען דאָך זײַן אַ געלונגענע הומאָרעסקע. און אַזוי האָב איך טאַקע געטאָן...

# מיינע פאַרברענטע קאָמפּאָטן...

(דערציילט פון אַ שטרויענעם אלמן)

— וואָס איך בין אַזוי אויפגערעגט? וואָס די נאָז איז ביי מיר איינגעריסט, פרעגט איר? דאָס איז גאָרנישט, דאָס איז בלאָטע. אויב איר האָט צייט, טייערער שכן, וועל איך אייך דערציילן.

מיט די ווערטער האָט זיך צו מיר געווענדט מיין שכן, וועלכער איז בטבע נישט קיין אויפגערעגטער, שטענדיק אַ פריילעכער, אַ לאַכעדיקער, אַ וויצלער סכנות נפשות; און איינגעריסט איז ער קיין מאָל נישט, סיידן אַז ער נעמט אַנטייל אין אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג.

— ווי איר ווייסט, —הייבט אָן מיין שכן,— האָט מיין ווייב מיך שוין לאַנג געפּייניקט, אַז זי מוז דאָס יאָר פאָרן זיך אָפּרוען אויף דאַטשע, כאָטש נישט אין אויסלאַנד. עס זענען דאָ גענוג דאַטשע־ערטער אין לאַנד, וווּ מען קען זיך אָפּרוען און געניסן פון פרישער לופט.

בקיצור, מיר האָבן זיך אָנגעהויבן מכין צו זיין ווי געהעריק, מיין ווייב מיט די קינדער, כ'האָב געפּאַקט וואַליזקעס, געבונדן פּעקלעך, געבאָרגט מיר אַ ביסל געלט ביי באַקאַנטע און האָב שוין געהאָפט אויף דעם טאָג ווען מיין ווייב מיט די קינדער וועלן ענדלעך פאָרן אויף דאַטשע, און איך וועל האָבן אַ ביסל מנוחה...

אין איינעם אַ טאָג האָט מיין ווייב באַשטימט דעם טערמין פון אַרויספאָרן, מילא, דאַרף איך דאָך אייך נישט זאָגן אַז איך בין געווען אויפן זיבעטן הימל. אָבער עס פּאַסט דאָך פאָרט נישט, עס איז דאָך אַן אייגן ווייב, האָב איך גע־מאַכט אַ זויערע מינע, גלייך ווי איך וואָלט באַדויערט וואָס זי פאָרט אַוועק...

ווען עס איז געקומען דער אויטאָ אַוועקצופירן מיין ווייב, האָט זיך גראָד דער הימל פאַרוואָלקנט, עס האָט אָנגעהויבן צו גיין אַ דראָבנער רעגנדל, און דער אויטאָ איז אויך עפּעס קאַליע געוואָרן (מיין אומגליק נעבעך!). זאָגט צו מיר מיין ווייבל: און אפשר, מיין ליבער מאַן, זאָל איך שוין היינט נישט פאָרן? נו, וואָס זאָל איך אייך זאָגן, ליבער שכן? הענט און פיס האָבן מיר אָנגעהויבן צו ציטערן, כ'האָב אַלע קאָלירן באַקומען, דער קאָפּ האָט מיר אָנגעהויבן צו שווינדלען, אויף די אויגן האָב איך אויפגעהערט צו זען... סטייטש, אַזאַ אומ־גליק! כ'בין גרייט געווען אונטערצוהאַנדלען מיטן שאָפער, אים עפּעס געבן אין דער יד אַריין, אַבי ער זאָל לאָזן דעם אויטאָ אין גאַנג... ביז גאָט האָט

אויף מיר רחמנות געהאַט, עס איז געשען אַ נס, דער הימל האָט זיך אויסגע־לייטערט, דעם אויטאָ האָט מען צורעכט געמאַכט. איך אַליין האָב אויך אַ ביסל אונטערגעשטופּט און דער אויטאָ איז מיט מזל אַוועקגעפאָרן...

איך האָב מיך געפילט ווי אַ פרייער פויגל. איינער אַליין אין שטאָט, וועל איך מן הסתם נישט פאַרפאַלן ווערן. איך וועל ערשט איצט וויסן פון אַ לעבן, און מיט אַזעלכע פריילעכע געדאַנקען בין איך צוריקגעגאַנגען אין מיין וווינונג.

כ׳בין מיר געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, אונטערזינגענדיק אַ לידל, ביז איך האָב דערשפּירט, אַז איך וואָלט עפּעס געגעסן, אַזוי עפּעס האַרצלעכס. האָב איך מיך דערמאָנט, אַז מיין ווייב האָט מיר איבערגעלאָזט קאַרשן, מאַלינעס, אַגרעס, אַז איך זאָל מיר אַליין אָפּקאָכן קאָמפּאָט. מילא, קאָכן קאָמפּאָט איז נישט קיין גרויסע תורה, בפרט, אַז מען האָט אַ גאַז־מאַשינקע. האָב איך גענומען דאָס ער־שטע בעסטע טעפּל וואָס איז מיר געקומען אונטער דער האַנט און אַריינגעלייגט אין טעפּל אַלע דריי מינים, אַריינגעשיט דעם גאַנצן קלאָש צוקער, וואָס איז גראָד געשטאַנען אויפן טיש, אונטערגעצונדן די גאַז־מאַשינקע, און זאָל עס זיך קאָכן. זאָל מיין ווייב נישט זאָגן, אַז נאָר זי איז די גאַנצע בריהטע. אַליין האָב איך מיך אַוועקגעזעצט אויפן באַלקאָן און מיר געשמאַק געלייענט אַ צייטונג.

כ׳האָב נאָך נישט באַוויזן צו ענדיקן דעם ערשטן אַרטיקל, שפּיר איך, אַז די לופט איז עפּעס נישט מיט אַלעמען... עס פילט זיך אַ רויך, אַ טשאַד... מילא, — טראַכט איך מיר, — מן הסתם האָט אַ בעקער איינגעהייצט דעם אויוון, רויכערט זיך. זאָל איך זיין אַ נביא, אַז דער רויך קומט פון מיין קיך? בקיצור, אַז איך בין אַריינגעקומען אין קיך איז מיר שוואַרץ געוואָרן פאַר די אויגן. אין האַלדז האָט געדראַפּעט, פון די פענצטער האָט אַרויסגעזעצט אַ רויך, ווי פון אַ לאָקאָמאָטיוו... איינער פון די שכנים האָט געזאָגט אַז עס ברענט, און דער צווייטער (זעט אויס נישט קיין פוילער) איז געלאָפן נאָך די פייערלעשער.

קוים מיט צרות איז מיר געלונגען צו איבערצייגן דעם עולם, אַז ס׳איז נישט קיין שרפה, נאָר מיין קאָמפּאָט ברענט... באשר איך האָב פאַרגעסן אַ „קליינינקייט", אַריינצוגיסן וואַסער. גיי, זיי אַ חכם, אַז צו קאָמפּאָט מוז מען האָבן וואַסער, אַז נישט ווערט אַלץ פאַרברענט...

עס פאַרשטייט זיך אַז איך האָב שוין דעם טאָג רעזיגנירט פון קאָמפּאָט. דער־פאַר אָבער, אויפן צווייטן טאָג, האָב איך מיך ווידער גענומען צו דער מלאכה און נאָך מיט מער חשק און דער עיקר — מיט מער בקיאות. כ׳האָב גענומען אַ צווייט טעפּל (דאָס ערשטע איז געווען שוואַרץ ווי קויל...) אַריינגעלייגט די קאַרשן, מאַ־לינעס, אַגרעס, אונטערגעשטעלט אונטערן קראַן און אָנגעגאָסן וואַסער וויפל עס האָט זיך נאָר געלאָזט, אונטערגעצונדן די גאַז־מאַשינקע און זאָל עס זיך קאָכן.

פאַרטיק געוואָרן מיט דער „טראַנזאַקציע", בין איך מיר אַזוי אַראָפּגעגאַנ־

גען שפּאַצירן, כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט. וואָס האָב איך געהאַט מורא צו האָבן; אַז עס וועט פאַרברענט ווערן? כ׳האָב דאָך שוין גענוג וואַסער אַנגעגאָסן. איצט וועט שוין זיין אַ גוט ביסל קאָמפּאָט. כ׳וועל מיך פּשוט מחיה זיין. איך באַשליס ביי מיר, אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט וואָס איך וועל האָבן, וועל איך טאַקע אַ קליין ביסל קאָמפּאָט — מיין אייגענע מלאכה — שיקן מיין וויב צו פאַרזוכן, זאָל זי אויך וויסן וואָס פאַר אַ מאַן זי האָט און נישט זאָגן, אַז איך טויג נאָר צו צוויי זאַכן...

אַ צופרידענער לאָז איך מיך גיין צו מיין וווינונג. ערשט איך זע, אַז כמעט אַלע שכנים זענען דאָרט פאַרזאַמלט. מען שטייט אין קאָרידאָר ביי דער טיר, מ׳שמעקט, מען האַלט זיך ביי די נעז און אַלע פרעגן זיך אויף מיר. אַז די שכנים האָבן מיך דערזען, האָט זיך אָנגעהויבן די ריכטיקע סומאַטאָכע. מ׳האָט געשריגן, געליאַרעמט, אַז איך זאָל עפענען די טיר, ווייל מען שפּירט ביי מיר גאַז... אַ שכנה ברעכט די הענט און זאָגט באַלד נביאות, אַז נישט אַנדערש נאָר עס האָט זיך עמיצער ביי מיר אין דער וווינונג אָפּגעסמט מיט גאַז...

וואָס זאָל איך אייך לאַנג אויפהאַלטן? אַז איך האָב אַ דערשראָקענער אויפגעשלאָסן די טיר און בין אַריין אין דער וווינונג מיט מיינע שכנים, האָב איך ערשט געזען מיין חורבן. וואָס אַן אמת, האָט זיך ביי מיר קיינער נישט געסמט, נאָר מיין קאָמפּאָט (אַז נישט געדאַכט זאָל ער ווערן) האָט געקאָכט אַזוי לאַנג, ביז אַלץ איז אויסגעלאָפן פון טעפּל אויף דער גאַז־מאַשינקע און פון דער גאַז־מאַשינקע אויף דער קיך, און דאַן אויף דער פּאָדלאָגע, און אין קאָרידאָר, אאַז״וו. און בינו לבינו האָט זיך די מאַשינקע אויסגעלאָשן. דער גאַז האָט אָנגעהויבן אַרויסצוזעצן און מיין קיך האָט באַקומען אַן אויסזען ווי אַ גאַזאָווניע... און טאָמער איז אין טעפּל איבערגעבליבן אַ ביסל קאָמפּאָט, האָט עס זיך שפּעטער אויסגעגאָסן אויף דער פוטער, און וואָס פאַר אַ ריח עס האָט זיך פון דעם געמאַכט — קענט איר זיך שוין אַליין פאָרשטעלן.

און אָט פון די פאַרברענטע קאָמפּאָטן בין איך אַזוי אויפגערעגט, אַז דער טיוול זאָל אייך כאַפּן... טפו! די קאָמפּאָטן, מיין איך...

# צרות פון דאַטשע־געסט...

ווי נאָר ס'איז באַוווּסט געוואָרן, אַז איך פאָר אויף אַ דאַטשע, האָב איך שוין נישט געהאַט קיין מנוחה. קרובים, פריינט, שכנים און סתם באַקאַנטע האָבן מיך כסדר געהאַלטן אין איין מאַטערן מיט פראַגע: צי איז עס אמת אַז איך האָב שוין געדונגען אַ וווינונג אויף דאַטשע? צי איז עס כאָטש נאָענט פון וואַלד? (דער עיקר איז דאָך דער וואַלד). צי איז דאָרט טרוקן? און אייגנטלעך, פאַרוואָס האָט מען דווקא געהייסן פאָרן דאָרט און נישט קיין קאַרלסבאַד, אָדער קריניץ לכל הפחות?... מ'האָט געמאַכט אַ רעש, אַ געפּילדער, ווי איך וואָלט הלילה געווען אַ חולה מסוכן, אָדער איך וואָלט געווינען דאָס גרויסע געווינס, להבדיל... מ'איז מיר פראָסט דערגאַנגען די יאָרן. און בכדי איך זאָל שוין איין מאָל פטור ווערן פון די אַלע פראַגן און צרות, בין איך מיט מיין בני־בית אַרויסגעפאָרן אויפן דאָרף — און אַ סוף זאָל עס נעמען!

באַלד דעם ערשטן שבת, כ'האָב נאָך נישט באַוויזן מיך אויסצורוען אַ ביסל, געניסן פון דער פיינער דאַטשע־לופט, ערשט — איך גיב אַ קוק — עס קומט צו מיר צו גאַסט מיין שכן פון ערשטן שטאָק, מיטן ווייב אוןביידע קינ־דער... (די קינדער, —זאָגט ער מיר,— האָבן געוויינט אַז זיי ווילן מיטפאָרן...) עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב שוין געהאַט אַ פאַרשטערטן שבת... מיינע קינדער מיטן שכנס האָבן זיך נישט געזען עטלעכע טעג און פאַר גרויס שמחה האָבן זיי זיך אַ קליין ביסל צעשלאָגן... מיין יינגל איז געקומען פון דער מלחמה מיט אַן אונטערגעהאַקט אויג און דאָס מיידל — מיט אויסגעריסענע האָר... און דאָ מוז איך נאָך ווייזן אַ פריינטלעך פנים פון אַ מכניס אורח... און שפּע־טער האָט מען זיך ערשט גענומען צו דער אכילה. מ'האָט געגעסן — וואָס רעד איך? — מ'האָט געפרעסן ווי נאָך אַ קרענק, לא עלינו... די לופט, — זאָגט צו מיר מיין שכן, — איז דאָ אויסערגעוויינלעך גוט, און מיין ווייבל מאַכט אַזעלכע גוטע מאכלים, פשוט מעדנים! (איר הערט אַ לשון אַ ביסל?).

אין אָוונט, אַז עס איז געקומען צום שלאָפן, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אמתע חתונה. עס האָט ביי אונדז אין די צימערן אויסגעזען ווי אַ שפּיטאָל... בעטן, בעטלעך, קאַסעטקעס, „לעזשאַקעס" — געבאָרגטע, פאַרשטייט זיך. איך אַליין בין געשלאָפן אויף אַ קאַסטן און צוקאָפּנס האָב איך מיר אונטערגעלייגט אַ לעדערנע וואַליזקע... אַרום 3 אַ זייגער פאַרטאָג בין איך אויפגעשטאַנען, אַ מידער, אַ צעבראָכענער, אַ צעביסענער פון פליגן און אַנדערע דאָרפישע משחיתים...

קוים דערלעבט, אַז מיר זאָלן זיך „פריינטלעך" געזעגענען מיט מיינע שכנים, צוגעפירט זיי אַפילו צו דער באַן־סטאַציע, און אַז די באַן האָט שוין געגעבן אַ פייף, האָבן מיר פרייער אָפּגעאָטעמט: ענדלעך וועלן מיר זיך קענען אָפּרוען. אָבער ווייזט אויס אַז עס איז נישט געווען באַשערט...

באַלד אויפן צווייטן טאָג איז געקומען מיין ווייבס אַ גליד־געשוועסטער־קינד, אַ כלה־מיידל, וואָס האָלט נאָענט פאַר דער חתונה. און אַזוי ווי זי זעט לעצטנס זייער שלעכט אויס, וויל זי פאַרבלייבן מיט אונדז אויף דאַטשע עט־לעכע וואָכן, ביז זי וועט זיך אַ ביסל „פּאָפּראַווען", נעמען אויף זיך וואָג. בלויז אויף שבת און זונטיק וועט צו איר אַרויסקומען דער חתן... און איר וועט דאָך מן הסתם, — גיט זי צו מיט אַ גנביש שמייכעלע, — נישט זיין דאַקעגן? ניש־קשה, מיר וועלן זיך שוין אַן עצה געבן. מיר זענען דאָך עפּעס משפּחה...

נו, וואָס זאָגט איר עפּעס צו מיין אומגליק? כ'האָב נישט געהאַט קיין עצה — בין איך אַנטלאָפן אין שטאָט אַריין. אָבער דאָ האָבן מיך אַרומגערינגלט אַ גאַנצע מחנה פריינט, באַקאַנטע, מיך אויסגעפרעגט וואָס איך מאַך? פאַרוואָס איך זע אַזוי שלעכט אויס? כ'בין עפּעס, —זאָגן זיי,— נישט אויסגעשלאָפן... און כמעט אַלע מיינע פריינט פאַרזיכערן מיר דערביי, אַז אויף דער אַנדערער וואָך, נאָך שבת־נחמו, וועלן זיי צו מיר אַרויסקומען אויף אַ באַזוך פון עטלעכע טעג...

כ'בין געבליבן אָן לשון... לפנים האָב איך געשמייכלט. אַדרבא, פאַרוואָס נישט, און דערווייל האָב איך געמיינט אַז די גאַל פּלאַצט מיר פאַר עגמת־נפש... כמעט אָן ווערטער בין איך אַוועק צו מיר אין דער וווינונג...

ביי דער טיר האָב איך שוין געטראָפן מיינע אַ מומע, וואָס איז געקומען צו מיר מיט אַ בקשה: אַזוי ווי זי האָט ביי זיך אַן אייניקל, אַ מיידל וואָס האָט אַדורכגעמאַכט אַ לונגען־אַנטצינדונג, און זי בייטיקט זיך איצט אין אַ ביסל וואַלד־לופט, ממש מיטן לעבן, און אַזוי ווי גאָט האָט מיר געהאָלפן — איך בין אויף דאַטשע, וועל איך דאָך נישט אָפּזאָגן צו נעמען דאָס מיידל צו זיך אויף עטלעכע וואָכן צייט. עסן דאַרף זי נישט קיין אויסערגעוויינלעכס, — גיט מיין מומע צו, — דער עיקר: אייער, קעז, שמאַנט, פּוטער (וואָס מער שמאַנט און פּוטער, איז אַלץ בעסער פאַר איר...) און מילך — כאָטש צוויי ליטער אַ טאָג מאַכט נישט אויס... זי האָט געקענט שיקן דאָס מיידל אין אַ זור־מער־קאָלאָניע, אָבער אַזוי ווי זי האָט אַזאַ גוטע געלעגנהייט, און בפרט אַז זי האָט געהערט אַז עס זענען ביי מיר שטענדיק דאָ געסט, אַפילו פרעמדע. מילא, — זאָגט די מומע, — ס'זענען ביי דיר פאַראַן עטלעכע קינדער, קיין עין־הרע, וועט זיין נאָך אַ קינד...

כ'האָב גענומען פינטלען מיט די אויגן, ס'איז מיר געוואָרן ביטער אין

מויל, כ׳האָב געשטאַמלט, געוואַלט עפּעס זאָגן, דערקלערן, אָבער מיין מומע האָט מיך שוין נישט געהערט. זי איז שנעל אַוועק צוגרייטן דאָס אייניקל וואָס דאַרף גוטע וואַלד־לופט און גוטע פלעגע...

געוואַלד יידן! וואָס טוט מען? איך וועל דאָך פון זינען אַראָפּ! אַ גאַנצע וואָך האָב איך, נישט פאַר אייך גערעדט, געסט. שבת און זונטיק זעט ביי מיר אויס ווי אין אַ פענסיאָנאַט. אַלע, איך, מיין ווייב, די קינדער, די דינסט, אַלע אַרבעטן מיר ווי די אייזלען אויף צו באַדינען די געסט. צום מיטיק מוז מען צושטעלן נאָך אַ טיש... אַלץ ווערט פאַרשלונגען, אויפגעגעסן, אויפגערוימט, ווי להבדיל ערב פסח פאַר בדיקת חמץ... היינט, די דאַטשע־מכשירים — פון אַלעם ווערט אַ תל: דער האַמאַק צעריסן, דער „לעזשאַק״ צעבראָכן, פון די בענקלעך פעלן פיס, פון די קישעלעך שיטן זיך פעדערן... בקיצור, אַ דור הפלגה איז ביי מיר. איך ווייס נישט ווי מען גיט זיך פאָרט אַן עצה מיט די געסט? מילא, צו וואַנצן, ווערעם להבדיל — איז פאַראַן אַ מיטל; מייז קען מען פאַריאָגן מיט סם! אָבער וואָס טוט מען מיט די דאַטשע־געסט? טייל זאָגן אַז איך זאָל מיר איינשאַפן אַ בייזן הונט מיט שאַרפע ציין, וואָס זאָל יעדן גאַסט וואָס וועט נאָר זיך דערוועגן צו מיר צו קומען, ווי געהעריק „מכבד״ זיין, אַז ער זאָל שוין פאַרזאָגן אַ צענטן, ער זאָל צו מיר נישט קומען... אַ טייל זענען ווידער ביי דער מיינונג, אַז איך און מיינע בני־בית זאָלן זיך באַהאַלטן אויף עטלעכע טעג אין קעלער, ביז די מגיפה — די געסט, הייסט עס — וועלן אַוועק... איינער, אַ קלוגער שכן, גיט מיר אַן עצה, אַז אַזוי ווי מיר וועלן נאָר דערזען אַז עס קומען צו אונדז געסט — זאָלן מיר אַרויפקריכן אויף די ביי־מער...

צי וועט עס העלפן? — ווי מיינט איר?

# כ׳בין מיר אַ פרייער פויגל...

(אַ מאָנאָלאָג פון אַ ייִד וועלכער איז באַפרייט געוואָרן פון גלות־ווייב...)

רבותי ייִדן, וואָס שלאָפט איר? לעבעדיק זאָל זיין! טאַנצט מיט מיר, פרייט אייך מיט מיין שמחה. ווי זאָגט איר? אַז מען פרייט זיך אויף פרעמדע שמחות, דערלעבט מען אויך אייגענע שמחות.

ווייל איז צו אַ גלות־פאָלק, טראַכט איך אָפּט, וואָס ווערט נאָך יאָרן לאַנגער פאַרשקלאַפונג און אונטערדריקונג פון זיינע באַדריקער באַפרייט, אָבער נאָך ווילער איז צו אַ מאַן, וואָס ווערט נאָך לאַנגע יאָרן פאַרשקלאַפונג באַפרייט פון גלות־ווייב, און איצט שטיי איך פאַר אייך, דער אייביקער שקלאַף, דער לאַנג־יאָריקער מאַרטירער אַ באַפרייטער, אַ דערלייזטער, און צוזאַמען מיט אַלע באַפרייטע און דערלייזטע רוף איך אויס:

זאָל לעבן די פרייהייט!
נידער מיט דער פאַרשקלאַפונג!
זאָל לעבן די זעלבסטשטענדיקייט!
נידער מיטן ווייבער־גלות!

וואָס, איר ווייסט טאַקע נישט פון מיין שמחה? איר ווייסט טאַקע נישט ס׳אַרא גליק מיך האָט געטראָפן? מיר איז געשען אַ גליק, וואָס טרעפט באַר איין מאָל אין אַ יאָר, — מיין ווייב איז שוין אויף יענער זייט ראַגאַטקע מיט גרויס מזל.

און אפשר מיינט איר, אַז זי איז געפאָרן ערגעץ־ווו אויף דאַטשע אונטערן אויוון, קיין ווינעאַרי אָדער פיוואַניק, וואָס יעדן מאַנטיק און דאָנערשטיק צו קריאת־התורה זאָל זי קענען קומען קיין קאַליש און מיר מאַכן אַ „ניעספּאָד־זשאַנקע" און מיך קענען כאַפּן אויף דער הייסער מינוט? — ניין, דאָס מאָל איז געפאָרן ווייט, קיין טשעכאָטשינעק, מחמת די דאָקטוירים האָבן „פעסטגעשטעלט" אַז מיין ווייב מוז רק האָבן בלאָטע... און וואָס טוט מען נישט פאַר אַן אייגן ווייב? אַפילו אַ ביסל בלאָטע איז אויך נישט צו־טייער...

איצט איז מיין ווייב שוין אין טשעכאָטשינעק, אין דער רעזידענץ פון זאַלץ און בלאָטע. און איך? — אויף אַלע ייִדישע מענער געזאָגט געוואָרן אַזאַ ליכטיק לעבן. איך בין מיר אַ פרייער פויגל. איצט פּראַווע איך ערשט דעם ריכ־

טיקן „זמן חרותנו"; איצט ערשט האָב איך דערפילט דעם טעם פון אַ גלות־פּאָלק וואָס ווערט באַפרייט פון זיינע באַצווינגער.

איי, הערט איר, מאַך איך איצט אַ לעבן! אויף אַלע יידישע מאַנסלייט גע־זאָגט געוואָרן. איך האָב מיך ערשט „אַזשיוויעט" און באַנייט די יאָרן. אַזוי, למשל, ליג איך מיר „ספּאָקאָינע" אין בעט און עס גייט מיר נישט קיינער אי־בער די קעשענעס מיט אַ רעוויזיע, אַזוי ווי די באַאַמטע פון שטייער־אַמט... איי, הערט איר, איז דאָס אַ פּאַסקודנע טבע פון די ווייבער וואָס זוכן אין מאַנס קע־שענעס, עס פאַרשטייט זיך אַז זיי זוכן געלט און געפינען טוט דאָט ווייב גאָר עפּעס אַנדערש... און אָך און ווי איז צו אייך, ווען דאָס ווייב געפינט אין אייערס אַ „סכאָוואַנקע" אַזעלכע זאַכן, וואָס איר קענט נישט געבן קיין „באַוויַיזן" און נישט ענטפערן עפּעס אַ תירוץ פון דער הגדה... איצט אָבער, שלאָף איך רויק און האָב נישט מורא פאַר אַ בדיקת־חמץ פון די קעשענעס.

צוועלף אַ זייגער מיטיקצייט הייב איך מיך אויף פון שלאָף, טו מיך אָן בגדי־מלכות. פאַרוואָס נישט? עס איז דאָך ביי מיר עפּעס יום־טוב אין דער וואָכן, איז פאַרוואָס זאָל איך מיר נישט אָנטאָן דאָס שענסטע און בעסטע? יעדן טאָג גיי איך מיר אַרויס מיט פּריש אויסגעפּרעסטע הויזן און אויך מיט אַ פּריש העמד, מיט דעם אמתן קראַוואַט, מיט אַ שיין, ווייס טיכל אין דעם קליינעם קע־שענקעלע פון רעקל, און אין האַנט אַ פּאַצעטיש שטעקעלע, און אין דער צוויי־טער האַנט טראָג איך דעם מאַנטל. קיין הוט טראָג איך איבערהויפּט נישט, אַזוי גיי איך מיר מעשה יאָלד, יעדן אין דער פּרי פּריש ראַזירט. דאָס טו איך, אַז עס זאָל מיין שכנטע נישט „ראַזשעון". איך גיס מיך איין מיט קעלניש וואַסער, אַ ביסל פּאַרפום און — הײדאַ, אין פּאַרק אַריין.

אַז איך גיי מיר אין אַזאַ הולך אין פּאַרק, פאַרגעס איך אין גאַנצן אַז איך האָב ערגעץ אַ ווייב וועלכע באָדט זיך אין בלאָטע... איך פאַרגעס אַפילו, אַז דאָס גליק מיינס איז נאָר אַ „טימטשאַסאָווע", אַז סוף כל סוף וועל איך אין עטלעכע וואָכן אַרום זיין צוריק דער שלימזל, דער איינגעשפּאַנטער אייזל, וועל גאָר־נישט קענען טראַכטן וועגן אַזעלכע שרעקלעכע געדאַנקען. איצט בין איך זעלבּ־שטענדיק, איצט בין איך קאַוואַליר און לאַך פון דער וועלט...

אין פּאַרק זעץ איך מיך אויף אַ זייטיקער אַלייע, לייען איך אַ צייטונג און בשעת־מעשה וואַרף איך אייגעלעך אויף די שיינע מיידלעך. וואָס זאָל איך אייך זאָגן, יידן, — דאָס איז אַ מאכל אויף אַלע יידישע מענער געזאָגט געוואָרן, וואָס די ווייבער באָדן זיך אין בלאָטע...

מיטיק־צייט גיי איך מיר אַריין אין רעסטאָראַן, הייס מיר דערלאַנגען וואָס דאָס האַרץ נאָר גלוסט, מחמת ווען איך גיי אַ מאָל עסן מיט מיין ווייב, עס איך בלויז קדחת... און האָב קיין מאָל קיין הנאה נישט. וויל איך לעבער, זאָגט זי,

אַז עס טויג נישט פאַר דער גאַל (און איבערהויפּט קען זי אַליין דערלאַנגען לעבער...), קאָטלעטן איז זיכער נישט פון קיין פריש פלייש, און איך וועל מיר מאַכן אַ שלעכטן מאָגן... חלשט מיר דאָס האַרץ נאָך אַ שטיקל געבראָטענע הון, זאָגט מיין ווייב, אַז עס וועט מיך ברענען אויפן האַרץ. מיט איין וואָרט — עס קומט מיר פּשוט נישט מער אויס ווי צו עסן אַ שטיקל טרוקן ברויט מיט הע־רינג און צו פאַרטרינקען מיט סאָדע־וואַסער... אָבער איצט? ווער שטערט מיר צו עסן וואָס איך וויל? איך הער נישט דעם באַקאַנטן פּזמון פון מיין ווייב: דאָס טויג נישט, יענץ טאָרסטו נישט, און דאָס דאַרפסטו נישט עסן. איך האַק אַ סעודה איף ביידע באַקן, אַזוי ווי אין די יינגלשע יאָרן און איך ווייס פון אַ לעבן.

אין אָוונט כאַפּ איך זיך אַריין אין זומער־טעאַטער אויף דער אַלייע יוזע־פינע. איך דאַרף נישט וואַרטן עטלעכע שעה ביז מיין ווייב ווערט פאַרטיק מיט דער גאַרדעראָב, און ערשט אויף דער גאַס דערמאָנט זי זיך, אַז זי האָט נאָך פאַרגעסן אָנצושמירן די ליפּן, מחמת איך האָב זי געיאָגט... איך זוך מיר אויס אין טעאַטער אַ „ווינאָדנע” מקום. און אַז איך קום אַ היים, איז די שטוב ליי־דיק, מיין ווייבס בעט שטייט נעבעך פאַריתומט, מ׳הערט נישט קיין שאָרך, איך גיי אַריין אין שלאָפצימער מיט פעסטע טריט און זינג מיר צו אַ לידל, נישט אַזוי ווי ווען מיין ווייב איז אין דער היים, ווען איך מוז גיין אויף די שפּיץ־פינגער. איך הער נישט דעם באַקאַנטן פּזמון: שוין, ביסט שוין דאָ צו מזל, ווו ביסטו אַ גאַנצע נאַכט אָפּגעלעגן, אויף דיינע זיצונגען? היינט אָבער, — נעכטי־קע טעג, קיינער זידלט מיך נישט, קיינער שעלט מיך נישט. מען מאַכט מיר נישט קיין סקאַנדאַלן, מען שפּילט מיר נישט אויף קיין נאַכט־סימפאָניעס. איך גיי ווו איך וויל, עס וואָס איך וויל, און קום אַ היים ווען איך וויל... כ׳בין אַ פרייער פויגל.

יידן, איר הערט? אַלע מענער געזאָגט געוואָרן, זייערע ווייבער זאָלן מוזן נעבעך זיך באָדן אין בלאָטע...

# אַ מיטיק מיט אַרבעס...

איך ווייס נישט אויב אַלע מענטשן האָבן אַזוי פֿיינט אַרבעס ווי איך. מן הסתם נישט, ווייל אויב יאָ, וואָלטן אויף דער וועלט איבערהויפּט קיין אַרבעס נישט געווען. און פֿיינט האָב איך אַרבעס בתכלית השנאה, צוליב צוויי טעמים: ראשית, ווייל פֿון אַרבעס שפּירט זיך אַ שלעכטער ריח און שנית, ווייל אָפּט מאָל באַקום איך — פֿון אַרבעס — בויך־ווייטיק. נו, פֿרעג איך אייך, איז עס אַן אָנגענעמע זאַך צו האָבן בויך־גרימעניש? בפֿרט ווען מען פֿאָרט נאָך אַוועק פֿון דער היים אין דער גרויסער שטאָט אויף עטלעכע טעג.

מילא, פֿאָר איך מיר אַזוי די טעג אין דער גרויסער שטאָט, צוליב דעם און צוליב יענעם און סתם אַזוי. קאָכט מיין ווייבל אָפּ אַ גוט מיטיק, אַזוי ווי צום אַוועק פֿאָרן. און עפּעס אַזוי ווי צו להכעיס, האָט מען געקאָכט אַן אַר־בעס־זופּ, וואָס איך האָב נישט ליב. אָבער אַזוי ווי איך האָב געהאַלטן ביים אַוועקפֿאָרן, האָב איך נישט געוואָלט קאַליע מאַכן די גוטע שטימונג, האָב איך ווי עס איז אויפֿגעגעסן, זיך האַרציק געזעגנט און אַוועקגעפֿאָרן.

קומענדיק אין דער גרויסער שטאָט בין איך ביז מיטיק געווען פֿאַרנומען. ערשט אַרום 1 אַ זייגער, ווען איך בין שוין געווען הונגעריק, זאָגט צו מיר מיין פֿריינט, וועלכער איז געווען מיט מיר: ווו וועט איר עסן מיטיק? עס איז שוין אַזוי שפּעט. דאָ נישט וויט באַקומט מען גוטע היימישע מיטיקן, פֿון וועלכע איר וועט זיכער צופֿרידן זיין. נו, האָב איך אַזוי געטאָן.

איך קום אַריין אין דעם רעסטאָראַן פֿון די היימישע מיטיקן. אַ סך האָבן שוין געהאַט געענדיקט דאָס עסן. איך מיין אַז אַט, אַט קומט צו דער קעלנער אָדער די קעלנערקע און וועט מיך פֿרעגן וואָס איך וויל עסן. אָבער אַ נעכטי־קער טאָג! קיינער קומט נישט און קיינער פֿרעגט נישט. מען גיט מיר צו, נישט מיר נישט דיר, אַ טעלער לאָקשן מיט אַרבעס, אַז עס איז מיר פֿינצטער געוואָרן פֿאַר די אויגן... אָבער אַ ברירה האָב איך געהאַט, כ׳האָב פֿאַרמאַכט די אויגן, אַ ביסל אַרבעס אַוועקגעשאַרט אין אַ זייט און אַזוי האָב איך דאָס „היימישע" מיטיק „אויפֿגעגעסן". אַז מען שמועסט היימישע מיטיקן — איז דאָך נישט שייך...

אויף מאָרגן בין איך געווען פֿאַרבעטן אויף מיטיק צו מיינס אַ מומען. צו דער באַשטימטער צייט בין איך געקומען, געזעצט זיך צום טיש, מען האָט גע־שמועסט פֿון פֿאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן: ווער פֿון די קוזינקעס ס׳האָט חתונה

געהאַט און גוט געטראָפן, ממש אַ מאַן אַ גאָלד, און ווען עס גייט מיט דער פוטער אַראָפּ. מען האָט, חס־ושלום, קיינעם נישט באַרעדט, חלילה! נאָר סתם זיך אַזוי „פאַמיליאַר״ געשמועסט, און אַזוי האָבן מיר געגעסן די פאַרשפּייז. איך גיב אַ קוק — ס׳ווערט מיר נישט גוט פאַר צרות. מ׳גיט אַריין קליסקע־לעך מיט אַרבעס, אָבער אַזעלכע גרויסע, ווי די טרוסקאַווקעס... כ׳האָב מיך געדרייט אויף אַלע זייטן, די וועלט איז מיר פּשוט ענג געוואָרן. כ׳האָב מיר גע־טראַכט: וואָס האָט מען זיך אויף מיר אָנגעזעצט מיט די אַרבעס, וואָס שאַטן מיר צום געזונט און וואָס איך האָב נישט ליב? אָבער — פאַרפאַלן! כ׳האָב געמאַכט אַ צופרידענע מינע, געזאָגט — צוליב העפלעכקייט — אַז דאָס עסן שמעקט מיר זייער גוט... די אַרבעס האָב איך ווידער, ווי איך האָב נאָר גע־קענט, אַוועקגעשאַרט אין דער זייט. און אַלס רפואה האָב איך נאָכגעטרונקען אַזש צוויי גלעזער טיי מיט ציטרין, אַז עס זאָל חס־ושלום קיין מכשול נישט געשען.

כ׳האָב מיך געזעגנט מיט דער מומען, דעם פעטער, די קוזינקעס, געדאַנקט פאַרן „גוטן״ מיטיק און בין אַוועק.

דעם דריטן טאָג גיי איך מיר אַזוי און טראַכט וועגן דעם צופאַל פון די מיטיקן מיט אַרבעס. ערשט איך גיב אַ קוק, עס קומט מיר אַנטקעגן מיינער אַן אַלטער פריינט, וועלכן איך האָב שוין נישט געזען עטלעכע יאָר. מען האָט זיך צעקושט, די גדולה איז געווען אין לשער. אָבער דאָס איז גאָרנישט. ער שלעפּט מיך מיט כוח אהיים צו זיך. זיין פרוי האָט זיך ערשט אויפסניי מיט מיר דערפרייט, אַ קליינקייט אַזויפיל יאָרן זיך נישט געזען. זי האָט געהערט — זאָגט זי — אַז איך בין געוואָרן אַ ציטונגס־מענטש. לייענט זי אָפּט מיינע זאַכן און עס טוט איר באמת הנאה. זי האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגן יעדן פון דער פאַמיליע באַזונדער, דערמאָנט זיך די יאָרן אין דעם קליינעם שטעטל און זי האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט אַז איך זאָל בלייבן אויף מיטיק ביי זיי. עס פאַר־שטייט זיך, אַז איך האָב מיך געבעטן רחמים, פאַרטיידיקט, אַז איך קען נישט, איך בין פאַרנומען, כ׳מוז דערליידיקן ענינים. עס האָט אָבער גאָרנישט גע־האָלפן. כ׳האָב איבערהויפּט נישט געקענט קומען צום וואָרט, אַזאַ טבע ביי די ווייבער, אַז מען קען ביי זיי נישט קומען צום וואָרט... און נישט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה, בין איך געבליבן אויף מיטיק.

מ׳האָט געמאַכט די געהעריקע פאַרברייטונגען, ווי עס פאַסט פאַר אַזאַ חשובן גאַסט ווי איך. מ׳האָט געגעסן אַ גוט שטיקל הערינג, אַביסל משקה, אָבער פלוצים — כ׳האָב מיינע אויגן נישט געגלייבט, מ׳גיט אַריין אַ טעלער לאָקשן מיט אַרבעס... אָבער אַזעלכע גרויסע אַרבעס ווי פלוימען, להבדיל...

וואָס זאָל איך אייך אַ סך דערציילן? כ׳בין גרין און געל געוואָרן און דער־

נאָך ערשט רויט... אַ שוויס האָט מיר געראָנען פון פּנים, כ׳האָב געוואָלט אויס־שרייען: מערדער! גזלנים! וואָס ווילט איר האָבן פון מיין יונג לעבן? כ׳האָב אָבער גאָרנישט געזאָגט, כ׳האָב תמעוואַטע געשמייכלט און געמישט דעם לעפל אין טעלער. פון די אַרבעס איז אָבער נישט ווייניקער געוואָרן. בגניבה האָב איך אַביסל אַרבעס צוגעוואָרפן דעם הונט אונטערן טיש, עטלעכע אַרבעס האָב איך מיט מסירת־נפש אַראָפּגעשלינגען — די באַלעבאָסטע מיין פריינדין — האָט געשמייכלט, געפרעגט צי עס שמעקט מיר. אַוודאי שמעקט עס מיר — האָב איך געענטפערט און זיך געוואונדערט, פון וואַנען עס קומט צו איר, אַז זי זאָל קענען אַזוי פיין קאָכן און אַזוי צופּאַסן די מאכלים... אַז בסך־הכל איז זי דאָך שטענדיק געווען פאַרנומען מיטן ביכל. מיין קאָמפּלימענט האָט איר הנאה געטאָן, און זי האָט מיך ערשט מכבד געווען מיט קיכלעך, איר מלאכה. כ׳האָב נאָך ביי מיינע פריינט פאַרבראַכט אַ שטיקל צייט, געזאָגט אַז איך פאָר נאָך היינט אַוועק, זיך האַרציק געזעגנט און בין קוים מיטן לעבן אַרויס.

כ׳בין אַריין אין אַ קאַפע, געטרינקען: טיי, קאַפע, לימאָנאַדע, ביר, ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן, די אַרבעס זענען מיר געשטאַנען אין האַלדז. דער בויך האָט אויך נישט געשוויגן, כ׳האָב באַקומען בויך־ווייטיק, כ׳האָב מיך גע־קורטשעט פאַר שמערצן. הכלל, עס איז מיך נישט געווען וואָס מקנא צו זיין. ערשט ווען איך האָב מיך געלייגט שלאָפן, האָט דער שלאָף אַביסל געלינדערט מיינע ווייטיקן...

אין דער פרי בין איך אויפגעשטאַנען אַ מידער, אַ צעבראָכענער, מיט קאָפּווייטיק און בויך־קלעמעניש, כ׳האָב גאָרנישט געגעסן און געפּאַסט ביז מיטיק. ערשט מיטיק־צייט בין איך אַריין אין אַ רעסטאָראַן עסן, און ווען דער קעלנער האָט מיר אָנגעהויבן אויסרעכענען אַלע שפייזן, האָב איך אים אָפּגעשטעלט און געזאָגט: גיט מיר צו עסן וואָס איר ווילט נאָר אַליין, אָבער נישט קיין אַרבעס; למען השם נישט קיין אַרבעס! אויב איר ווילט אַז איך זאָל פון דאַנען אַרויס אַ לעבעדיקער...

# אוי, די רפואות...

ווען עס קומען פאַר וואָלן, נישט קיין אונטערשיד וועלכע, קומען פאַר מי־טינגען, און אַז מען איז אויף אַזאַ מיטינג הערט מען זיך צו די פאַרשידענע רעדנער וועלכע זאָגן צו אַזש דאָס טעלערל פון הימל, אַבי מען זאָל נאָר פאַר זיי שטימען. אויף אַזעלכע מיטינגען ווען זיי קומען פאַר אין לאָקאַלן, לייגן זיך אַ האַלבער טוץ מענטשן דיר אַרויף אויף דער פּלייצע, ווי יענער זאָגט: אַז דו שטייסט שוין יאָ, טאָ לאָמיך שוין פון דיר הנאה האָבן... נו איז עס זייער און זייער נישט אנגענעם. אויף מיטינגען זענען פאַראַן דרייערליי פּלעצער: זיץ־פּלעצער, שטיי־פּלעצער און ליג־פּלעצער, ד״ה אַמאָל ליג איך אויף אַנדערע, נאָר אַממיינסטן ליגט מען אויף מיר...

אַז מען קומט אַרויס פון אַזאַ מיטינג וואָס איז אָפטמאָל אַ שוויץ־באָד, אין גאַס, איז דאָס ערשטע כאַפּט מען אַ פאַרקילונג אין די זייטן. לייגט מען זיך אין בעט אַריין, און דאָ הייבט זיך אָן אַ סדרה פון: מעסטן היץ, טאַפּן דעם דופק, נעמען ריצנאייל און נאָך אַזעלכע זאַכן.

דאָס ערשטע נעמט מען מעסטן די היץ מיטן טערמאָמעטער, און אַ טער־מאָמעטער האָט די טבע אַז ווען מען דאַרף אים, ווייזט ער שטענדיק צוויי און פערציק גראַד היץ... און אַז מען וויל, אַז ער זאָל זיך אַביסל אַראָפּרוקן, מוז מען אים לייגן אויף אַ פּוד אייז, ווערט ער אַביסל קילער, אָדער מען קען אים וואַרפן מיט דער האַנט, נאָר דאָס איז שוין אָן אַרבעט פאַר אַ קאַטאָרזשניק... אַמבעסטן איז אַז מען נעמט איינגאַנצן אַרויס דעם קוועקזילבער...

אַז דער חולה ליגט שוין מיטן טערמאָמעטער אונטערן אָרעם, זעט ער אויס ווי אַ שוטה. איר האָט אַמאָל געזען ווי איינער לאָזט זיך פאָטאָגראַפירן? ער זעט דעמאָלט אויס, ווי דער גרעסטער נאַר אויף דער וועלט. דער פאָטאָ־גראַפיסט קען אים דעמאָלט הייסן קריכן אויף די גלייכע ווענט, וועט ער דאָס טאָן, אָט אַזוי זעט אויס אַ חולה ווען ער ליגט מיטן טערמאָמעטער אונטערן אָרעם.

דערנאָך גייט מען אין אַפּטייק אַריין קויפן ריצנאייל. אַמאָל איז דער דאָ־זיקער אַרטיקל געווען זייער טייער, מען האָט דערציילט אַז אַ קליין פלעשל ריצנאייל האָט געקאָסט אַזויפיל וויפל אַ גוט פלעשל קאָניאַק... איך ווייס נישט ווי אַנדערע, נאָר איך וואָלט בעסער געווען אויסטרינקען אַ פאַר פלעשלעך קאָ־ניאַק ווי איין פלעשל ריצנאייל...

כ׳האָב געהאַט אַ באָבע (זי איז שוין לײדער לאַנג געשטאָרבן) האָט זי אין יענע צײטן אײנגעגעבן ריצנאײל ממש אַרטיסטיש! זי האָט גענומען דאָס לעפעלע ריצנאײל, אַרײנגעלײגט אין מויל און צוגעהאַלטן די נאָז אַזוי שטאַרק, אַז מען האָט געדאַנקט גאָט ווען מען האָט אַראָפּגעכאַפּט דעם ריצנאײל, אַבי זי זאָל אָפּלאָזן די נאָז. מען האָט מיר אַמאָל געוויזן אַ מלחמה־שפּעקולאַנט, וואָס האָט געמאַכט אַ פאַרמעגן פון אַ פּאָר פּעסלעך ריצנאײל, כ׳האָב מיך גאָרנישט געוווּנדערט, כ׳האָב נאָר געפרעגט: וואָס אַ שטײגער וואָלטן די פּעסלעך געמאַכט פון אים?

נאָכן אײננעמען דעם ריצנאײל גײט מען צום דאָקטאָר. דער דאָקטאָר קומט, טאַפּט ער דאָס ערשטע דעם דופק און דאָס זעט איר דאַרף מען קענען. כ׳האָב אַמאָל געקענט אַ פעלדשער בײ אונדז אין שטעטל, וואָס האָט נעבעך נישט געקענט פּאַקן דעם דופק... אָנגעהויבן האָט ער צו זוכן דעם דופק אונטן בײ דער האַנט, האָט ער אים נישט געפונען! איז ער געגאַנגען אַלץ העכער און העכער, ביז ער איז אַרויפגעקומען צום אָרעם און האָט דעם בחור אַלץ נישט געקענט פּאַקן! וואָס קלערט איר? ער האָט דעם חולה די גאַנצע האַנט אויסגעקנעטן ווי אַ שטיק חלה־טײג און דער דופק איז אַלץ נישטאָ! דער דאָקטאָר מאַכט עס געשיקטער, ער געפינט אים באַלד. און דערנאָך זעצט ער זיך אַוועק און שרײבט אָן אַ רעצעפּט, אַ מעדיצין, פּראָשקעס און פּיגולקעס, דערנאָך כאַפּט ער דעם קאַפּעלוש און לאָזט זיך לויפן צו דער טיר. און אָט דערפאַר בין איך בײז אויף די דאָקטוירים, נישט חלילה וואָס זײ נעמען געלט, נאָר פאַר דעם אַנשטעל! ער לאָזט זיך לויפן צו דער טיר, דאָס הײסט: פון זײנעטוועגן מעג מען אים גאָרנישט געבן, מאַכט אויך נישט אויס, אָבער די שטוב־מענטשן קענען דאָס נישט פאַרטראָגן, לויפן זײ אים נאָך, שטעקן אים אַרײן אַ פּאַפּירל אין דער האַנט אַרײן. און מערקווירדיק! עס האָט זיך נאָך נישט געטראָפן קײנמאָל, אַז דאָס פּאַפּירל זאָל זיך אַרויסגליטשן, נאָר שטענדיק בלײבט עס אין זײנע הענט...

אַז מען האָט זיך שוין אָפּגעפּאַרטיקט מיטן דאָקטאָר, גײט מען אין אַפּטײק קויפן די מעדיצין. מעדיצינען ווידער האָבן אַ טבע, אַז זײ זענען אָדער צופיל זיס, אָדער צופיל ביטער. זענען זײ זיס, זענען זײ אַזוי זיס ווי לאַקריץ, אַז מען מוז פּשוט ברעכן. זענען זײ ווידער ביטער, זענען זײ אַזוי ביטער ווי גאַל: מען זעט דעם מלאך המות פאַר די אויגן ביז מען נעמט אַראָפּ אַ לעפּעלע. נאָר אַממײנסטן מעדיצינען זענען נישט זיס און נישט ביטער, נאָר האָבן אַ טעם ווי רײן וואַסער...

שפּעטער, אַז די מעדיצינען זענען שוין אין שטוב, ווײסט מען נישט וועלכע מען זאָל פריִער אײנגעבן, אָדער די פליסיקײט, אָדער די פּראָשקעס, אָדער אפשר גאָר די פּיגולקעס? נאָר צום גליק געפינט זיך גראַד אין שטוב אײער

שכנה און איר פרעגט זי: — „חנהביילע, איר ווייסט נישט וועלכע מעדיצין דער דאָקטער האָט געהייסן פריער איינגעבן?“ די שכנה מאַכט אַ זויערע מינע, פאַרלייגט אַ פינגער אויף דער גאָמבע און זאָגט: — „פאַרן עסן האָט דער דאָקטער געהייסן נעמען אַ לעפעלע פונעם רויטן פלעשל און אַלע צוויי שעה האָט ער געהייסן נעמען אַ פּראָשעק, און נאָכן עסן דריי פּיגולקעס, און פאַרן שלאָפן האָט ער געהייסן איינגעמען „רעבאַרבאַרע“. איצט ווערט איר שוין גאַר צעמישט, ווייל עס איז צוגעקומען נאָך אַ רעצעפּט: „רעבאַרבאַרע“ און אייער שכנה שווערט זיך: זי זאָל אַזוי נחת דערלעבן פון אירע קינדער ווי דער דאָקטער האָט געהייסן נעמען „רעבאַרבאַרע“...

צום ערגסטן פון אַלעם איז דאָס איינגעמען די פּיגולקעס. כ׳האָב געהאַט אַ חבר, וועלכער האָט אויך אַזוי ווי איך נישט געקענט איינגעמען פּיגולקעס, און די פּיגולקעס זענען געווען גענוג גרויסע. כ׳בין געגאַנגען צו מיין חבר אין זיין צימער. ער האָט זיך גענומען צו דער מלאכה, דאָס הייסט: איינצונעמען די פּיגולקעס. איך האָב אים דערלאַנגט אַ גלאָז וואַסער און ער האָט איינגענומען! וואָס מיינט איר, די פּיגולקעס? אַ נעכטיקער טאָג! דאָס וואַסער האָט ער איינגענומען. איך האָב אפשר אַן עמער וואַסער קאַליע געמאַכט און עס האָט נישט געהאָלפן, ביז מיין חבר איז צוגעשפּרונגען צום פענצטער און האָט אויסגעשריגן: — „בערל! גענוג! אויב דו הערסט מיך נישט אויף צו מאַטערן מיט די פּיגולקעס, וואַרף איך מיך אַראָפּ פון פענצטער..“.

יאָ, איר ווילט דאָך אַוודאי וויסן וואָס עס איז געווען דער סוף פון מיין חבר מיט די פּיגולקעס? ער איז געזונט ווי אַן אַטלעט, ער האַנדלט אַפילו איצט מיט אַפּטייק־זאַכן, נאָר פּיגולקעס וויל ער נישט אָנקוקן, דאָס נעמט ער נישט אין האַנט אַריין. בעסער אַז מען ווייסט נישט פון די אַלע זאַכן, וואָס, נישט אַזוי?

# מען פאַרפּאַקט מיר די זאַכן...

אַז דער עולם איז געוואָר געוואָרן, אַז איך פאָר קיין אַמעריקע, בין איך עפּעס חשובער געוואָרן. מען האָט מיך אָפּגעשטעלט אין גאַס מיט אַ ברייטן גוט־מאָרגן און אין אין וועגס האָט מען מיר אָנגעהויבן צו שטעלן פאַרשידענע פראַגן: צי איז טאַקע אמת, אַז איך פאָר מיט מיין בני־בית? פון וועמען האָב איך באַקומען פּאַפּירן? צי איז אמת, אַז דער קרוב מיינער איז אַ שטיקל מחותן מיטן פּרעזידענט פון באַליוויע? צי איז עס אויך אמת, אַז מען געפינט דאָרט אַ סך זילבער און אַז פּאָמעראַנצן און באַנאַנעס זענען בחצי חינם? — אַזעלכע און נאָך ענלעכע פראַגן האָט מען מיר געשטעלט און איך, נעבעך, האָב אויף אַלץ גע־מוזט ענטפערן, ווייל אַ ברירה האָב איך געהאַט?!

איבערהויפּט האָב איך לעצטנס באַקומען אַ סך „פריינט", וואָס האָבן מיר פאַרגעלייגט זייער הילף ביים פאַרפּאַקן מיינע זאַכן. ביים פּאַקן זאַכן קיין אַמע־ריקע, — האָבן זיי מיר געגעבן צו פאַרשטיין, — מוז מען זיין פאַרזיכטיק, בפרט אַז איר נעמט מיט אַ סך פון דער שטוב־ווירטשאַפט, און דערפאַר, — האָט מיר יעדערער אויפמערקזאַם געמאַכט, — אויב איר וועט האַלטן ביים פּאַקן, זאָלט איר נאָך מיר שיקן און איר וועט צופרידן זיין.

עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געדאַנקט פאַר דער פריינטלעכקייט און צוגעזאָגט אָנצונעמען די הילף.

עס האָט זיך דערנענטערט די צייט פון מיין אָפּפאָרן און עס איז געקומען צום פאַרפּאַקן. האָבן זיך צוגעשטעלט בערך אַ טוץ פריינט מיר צו העלפן.

דער ערשטער האָט זיך גענומען צו דער מלאכה מיינער אַ פריינט, וועלכער האָט ערשט נישט לאַנג (מיט עטלעכע חדשים צוריק) פאַרפּאַקט זאַכן פאַר אַ פאַמיליע וואָס איז אויך געפאָרן קיין אַמעריקע, און ער טאַקע האַלט זיך שוין פאַר אַ מומחה אין די ענינים. זיין אַרבעט, —זאָגט ער,— האָט שוין אַ שם. האָב איך געהאַט צוטרוי און אים איבערגעגעבן דאָס שטיקל אַרבעט. בקיצור, ער האָט פאַרפּאַקט אַ גרויסן קאָפערט אין וועלכן ער האָט אַריינגעלייגט פאַרשידע־נע זאַכן, פאַרפּאַקט, צוגעשלאָסן, אַרומגעבונדן מיט אַ שנור, גרייט אַוועקצושיקן.

מילא. איך מיט מיין ווייב זענען געווען צופרידן, אַראָפּגעפּטרט אַן עול פון קאָפּ, וועלן מיר האָבן ווייניקער אַרבעט.

אויף מאָרגן באַלד אין דער פרי קומט צו מיר אַ פריינט, וואָס האַלט זיך פאַר אַ ספּעץ אין הלכות פּאַקן. ער האָט נישט לאַנג צוריק פאַרפּאַקט זאַכן און

מאַשינען פאַר איינעם, וואָס איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל, האָט יענער אים געשריבן אַ דאַנק־בריוו (דעם בריוו האָב איך נישט געלייענט...) און ווי מיינער אַ גוטער פריינט, וועלכער וויל אַז מיינע זאַכן זאָלן אָנקומען אין אָרדענונג אין אַזאַ ווייטער רייזע, איז ער נייגעריק צו זען ווי זיי זענען געפּאַקט.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן אים צוליב געטאָן, אויפגעבונדן די שטריק, אויפגעשלאָסן, אַז ער זאָל מיט די אייגענע אויגן זען, אַז אַלץ איז אין בעסטן אָרדענונג.

מיין פריינט האָט אַלץ גענוי באַטראַכט, קאָנטראָלירט, אונטערזוכט, אַזוי ווי אַ דאָקטער באַטראַכט אַ חולה־מסוכן, געצויגן מיט די אַקסלען, געמאַכט אַ גרימאַסע און צום סוף געזאָגט, אַז עס טויג אויף כפּרות. ער האָט אויפגעוויזן באותות ומופתים, אַז אויב מען וויל אַז דאָס געשיר זאָל אָנקומען גאַנץ, מוז מען עס פּאַקן אין ווייכע זאַכן, נישט אַזוי, איינס אויפן אַנדערן און אויב איך וויל נישט אַלץ איבערפּאַקן, וועט פון אַלעם ווערן אַ קעזל און וועט האָבן אַן אויסזען ווי אַ פּעקל מאַנישעוויטשעס מצות, וואָס מען קען נעמען אויף רייבעכץ...

כ׳בין געבליבן אין אַ פאַרלעגנהייט, נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן. מיין פלוניתטע אָבער האָט אים באַלד גערעכט געגעבן און עס איז געבליבן, אַז מען דאַרף אַלץ אויף ס׳ניי איבערפּאַקן.

מיין פריינט האָט אויסגעטאָן די מאַרינאַרקע, אָנגעטאָן די ברילן (ביי וויכטיקער אַרבעט טראָגט ער ברילן), פאַרקאַטשעט די אַרבל ווי אַ וועשין צו אַ באַליע וועש, און ווי אַ פרומער ייִד צו אַ קאַפּיטל תהילים, אַזוי האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט: געלייגט, סאָרטירט, געפּאַקט, געשוויצט, ביז דער קופער איז פול געוואָרן. און וואָס האָט ער אַלץ דאָרט נישט אַריינגעפּאַקט? טעלער מיט זאָקן, שיך מיט גאַרדינען, זייף און פּאָווידלע, גאַרן מיט קיכלעך, קעלניש וואַסער מיט אייל, אַ וואַש־ברעטל מיט אַ לעקעך... מיט איין וואָרט — ער האָט אַלץ אַריינגעלייגט, צוגעשלאָסן, פאַרבונדן און שוין! מיר זענען פּטור!

מיר האָבן דעם פריינט האַרציק געדאַנקט. ער האָט געשמייכלט, אַליין געווען צופרידן פון זיין אַרבעט און איז אַוועק.

באַלד נאָך מיטיק איז צו אונדז געקומען אַ פריינט און אונדז אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז לויט דעם פאָרמולאַר פון דער רייזע־געזעלשאַפט טאָר קיין שום באַגאַזש מער נישט וועגן ווי הונדערט קילאָ, און ער וועט זיך וועטן, אַז דער קופערט וועגט מער ווי הונדערט און פופציק קילאָ, און דערפאַר איז זיין עצה, אַז מען זאָל אויפפּאַקן, אַרויסנעמען אַ ביסל זאַכן, בכדי זיך איינצושפּאָרן אומאָנגענעמלעכקייטן.

עס איז אונטערגעקומען אַ צווייטער, וועלכער האָט געזאָגט, אַז דער קופערט וועגט נאָך נישט קיין הונדערט קילאָ. דער ערשטער האָט אָבער נישט

געוואָלט נאָכגעבן. איז געקומען צו אַ שאַרפער דיסקוסיע, ווי אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס, להבדיל, צווישן די „יאָ" און „ניין"-זאָגערס, ביז מען איז געקומען צו אַן אויסגלייך, אַז מען זאָל אַרויפנעמען אין שטוב אַ גרויסע וואָג און אָפּוועגן, וועט מען וויסן.

מען האָט געבראַכט אַ וואָג, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיין הונדערט און פופציק קילאָ וועגט דער קופערט טאַקע נישט, אָבער ער וועגט שיינע עטלעכע קילאָ מער ווי הונדערט. איז געבליבן, אַז מען מוז ווידער איבערפּאַקן.

איך האָב אָנגעקוקט מיין ווייב, זי האָט אָנגעקוקט מיך. ביידע האָבן מיר געקוקט מיט בעטנדיקע רחמנות-בליקן צו די מענטשן, וואָס איז דאָ פאַר אַן אָנ-שיקעניש אויף אונדזערע קעפּ? אונדזערע פריינט האָבן אָבער נישט געלאָזט לאַנג וואַרטן. מען האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט, אויפגעבונדן, אויפגעשלאָ-סן, אַרויסגעוואָרפן אַלע זאַכן אין שטוב. עס האָט ביי מיר אויסגעזען ווי נאָך אַ פּאָגראָם. מיין שכנטעס קינדער האָבן זיך דערווייל געשפּילט מיט די זאַכן אין אַ געוועלב... איך און מיין פּלוניתטע האָבן איצט שוין אַפילו נישט געוואָלט זיין ביים פּאַרפּאַקן. זאָלן זיי שוין אַלץ אַליין מאַכן, אַבי עס זאָל זיין גוט...

חברה האָבן טאַקע געאַרבעט, געוויגן, געלייגט, אַרויסגענומען, ווידער צו-געלייגט, אויסגערעכנט, ביז דער קופערט איז אין אַ מזלדיקער שעה פאַרטיק געווען און מען האָט אים געדאַרפט צושליסן. וויזט זיך אָבער אַרויס, אַז דער צודעק האָט זיך שטאַרק פאַרעקשנט און וויל זיך בשום אופן נישט צומאַכן, נישט מיטן גוטן און נישט מיטן בייזן. מען אַרבעט, מען דריקט, מען קלאַפּט, אָבער עס העלפט נישט. האָט עמעצער געגעבן אַן עצה, אַז איינער זאָל זיך אַרויפזעצן אויפן קופערט, גוט צודריקן און דער צווייטער זאָל שליסן. האָט מען אַזוי גע-טאָן, האָט זיך ווידער אַרויסגעוויזן, אַז דער, וואָס זיצט, איז צו-לייכט... מען דאַרף האָבן איינעם, וואָס זאָל וועגן ווייניקסטנס אַן אַכציק קילאָ...

בקיצור, מען האָט נישט געהאַט קיין עצה, האָט מען גענומען צוויי פאַר איינעם (אַז מענטשן זענען געווען גענוג...). זיי האָבן זיך אַרויפגעזעצט אויבן און דער דריטער האָט געשלאָסן, ביז ענדלעך האָט דער שלאָס געכאַפּט און האָט זיך פאַרשלאָסן. אָבער ס'איז געשען אַ קלייניקייט: אַ האַלבער שליסל האָט זיך אָפּגעבראָכן און איז געבליבן שטעקן אינעווייניק...

איר קענט זיך פאָרשטעלן, אַז מיר זענען געבליבן אָן לשון. דערווייל ווערט שפּעט. געזען אַז דער עסק איז פאַרן טייוול, בין איך שנעל געלאָפן צום שלאָ-סער, אַז ער זאָל מיך ראַטעווען פון דער לאַגע.

אַזוי ווי עס איז גראָד געווען זונטיק, איז די שלאָסעריי געווען געשלאָסן, בין איך געגאַנגען אין דער פּריוואַט-וווינונג פון שלאָסער, אויפן דריטן הויף,

פערטן שטאָק. האָב איך אָבער געטראָפן זיין ברודער, וועלכער האָט מיר געזאָגט, אַז איך מוז זיך ווענדן צום אַנדערן ברודער, ווייל דאָס איז זיין אַרבעט.

קוים מיט צרות האָב איך געטראָפן דעם ברודער, וואָס די אַרבעט געהערט צו אים און ער האָט מיך באַרויקט, איך זאָל נישט זיין פאַרצווייפלט. מער ווי צוויי אַנדערע שלעסער וועט מען נישט דאַרפן, נאָר איצט קען ער מיט מיר נישט מיטגיין, ווייל ס'איז גליטשיק...

ענדלעך נאָך לאַנגע בקשות האָט ער איינגעשטימט מיט מיר מיטצוגיין. ער האָט גענומען די כלים, אָנגעהויבן מייסטרעווען, ביז דער שלאָס האָט זיך געעפנט, און אַזוי ווי מיר האָבן זיך שוין נישט געוואָלט איינרייסן מיט דעם שלאָס, האָב איך געקויפט צוויי אַנדערערע שלעסלעך, אָנגעקלאַפּט, פאַרשלאָסן, פאַרבונדן, באַצאָלט, און אין אַ מזלדיקער שעה איז דער קופערט געווען גרייט אָפּצושיקן צו דער באַן, און אַזוי האָבן מיר אים טאַקע דורך דער עקספּעדיציע אָפּגעשיקט מיט גרויס כבוד.

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

ווען איך האָב אויף דער שיף — אין עטלעכע טעג אַרום — ווען איך בין שוין געווען אַ ביסל געזונט פון דער שווערער ים־קרענק — אויפגעשלאָסן דעם קופערט אַ קוק צו געבן צו די זאַכן, און אַגב אַרויסצונעמען מלבושים אויף איבערצוטאָן זיך, איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן: מיין העלער אַנצוג איז אין גאַנצן געווען אויסגעשמירט מיט יאַגדע־זאַפט, אין די קעשענעס האָב איך געהאַט שטיקלעך טעלער און אַ האַלבן סערוויז, דאָס שאַכטעלע מיט די ווייסע קעלנער איז געווען פול מיט לעקעך, דער נייער רויטער קראַוואַט (אַ מתנה פון אַ גוטן פריינט) איז געווען מיט מאַלינע־סאָק... אין די שקאַרפעטן האָב איך געהאַט קיכלעך... די גוטע האַרטע וווּרשט (אויך אַ מתנה) האָט געשמעקט מיט אַ בעז־ריח פון קעלניש וואַסער... מיט איין וואָרט: עס איז אין קופערט פאָרגעקומען אַ דור הפלגה. איצט זיץ איך גאַנצע שעהן אויפן דעק פון שיף און לערן זיך שפּאַניש. דאָס וויכטיקסטע איז ביי מיר זיך אויסצולערנען די עטלעכע ווערטער אויף שפּאַניש, וואָס זענען נייטיק אויף צו זאָגן, אַז מען זאָל מיר אויסוואַשן מיינע זאַכן, וואָס זענען פול מיט זאַפט און אַנדערע צרות. און אַלץ צוליב דעם, וואָס פריינט האָבן מיר געהאָלפן איינפּאַקן...

# איך פלי מיטן דירעקטן „דזשעט" קיין בראַזיל...

שוין זינט יאָרן ווי עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַוועגן אין דער לופטן די נייע מאָדערנע דזשעט־אַוויאָנען: „באָינג", „קאַראַבעלן" וכדומה. אַזוי ווי מיר קומט אויס צו מאַכן נסיעות אין פאַרשידענע לענדער, איז מיין חלום געווען צו מאַכן אַ רייזע און אויספּרובירן אַזאַ דזשעט־אַוויאָן. מען האָט אָנדערציילט אַזוי פיל חידושים און וואָס פאַר אַ תענוג מען האָט ווען מ'פליט מיט אַ דזשעט, אַז מיך האָט אָנגענומען אַ חשק צו פליִען.

קודם־כל דויערט די רייזע עפּעס אַ גאָרנישט מיט אַ נישט. מען פליט שטיל, אָן אַ גערויש, גלייך ווי אויף אַ פיין־געפּלאַסטערטן שאָסיי, און דאָס עסן איז דאָך ממש מעדני המלך, טויזנט טעמים, און די באַדינונג — די חנווּ־דיקע סטואַרד־מיידלעך מיטן זיסן שמייכל, אַז ס'חיות גייט פשוט אויס... מען מוז עסן אַפילו ווען מ'האָט נישט קיין אַפּעטיט. בקיצור, מען האָט הנאה פון גאָטס וועלטל.

ס'דערמאָנט זיך מיר נאָך זייער גוט די „יאַזדעס" וואָס כ'פלעג מאַכן מיט אַ וועלכע פופציק יאָר צוריק, ווען כ'בין געפאָרן פון מיין שטעטל מיט ר' יוסף־וואָלפן דעם בעל־עגלה אין אַ קאַרעטע מיט צוויי סוסים, ביי וועלכע ס'האָבן בולט אַרויסגעשטאַרצט די ביינער... און ווען מ'איז צוגעקומען צו אַ באַרג, פלעגן מיר פון רחמנות אויף די בידנע פערדישע בהמות, אַראָפּגיין פון וואָגן און אָן עין־הרע געשפּאַנט צו־פוס, נעבעך, צער בעלי חיים! און ווען מ'האָט זיך געלאָזט באַרג־אַראָפּ, איז דאָך ווידער געווען אַ סכנה צו זיצן אויפן וואָגן, זענען מיר געוואָרן „יורדי רגל". אַזוי האָבן מיר זיך געשלעפּט ביז מיר זע־נען אָנגעקומען אין צווייטן שטעטל.

היינט, אָבער, ווען מיר האָבן ברוך־השם דערלעבט, אַז אין געציילטע שעהן קען מען אַריבערפליִען פון איין מדינה אין דער צווייטער, טאָ פאַרוואָס זשע זאָל איך אויך נישט אויסנוצן דעם „פּראָגרעס" און מיטמאַכן אַזאַ נסיעה, וואָס זאָל לאַנג בלייבן אין זכרון. האָב איך טאַקע פעסט באַשלאָסן, אַז וואָס ס'זאָל מיר נישט קאָסטן, מוז איך די איצטיקע רייזע קיין בראַזיל מאַכן אין אַ דזשעט־אַוויאָן.

פון מיין הויכער מדינה בין איך אַרויסגעפלויגן מיט אַ געוויינלעכן אַוויאָן, וועלכער האָט זיך געשלעפּט העכער פינף שעה צייט קיין בוענאָס־איירעס און פון בוענאָס־איירעס האָב איך מיר איינגעהאַנדלט אַ פּאַסאַזש

מיטן „דירעקטן” דזשעט־אַוויאַן, וועלכער דאַרף בשלום אַריבערפירן מיינע זעכציק קילאָ קיין בראַזיל.

געהייסן האָט מען מיר זיך צושטעלן אין דער ביוראָ פון דער פלי־געזעלשאַפט אַרום פיר אַ זייגער בייטאָג, אָבער אַזוי ווי איך האָב אַלץ ליב צו מאַכן אין צייט, ווייל ווי ס׳מאַכט זיך אַ מעשה, בין איך געקומען מיט אַ האַלבער שעה פריִער און נאָכן אָפּוועגן מיין באַגאַזש און איבערקוקן מיינע דאָקומענטן, האָט מען מיר געהייסן זיצן און וואַרטן. איך האָב נאַטירלעך געפאָלגט, זיך אַוועקגעזעצט און אָפּגעוואַרט בערך אַ שעה מיט אַ האַלבער ביז ס׳איז לאַנגזאַם געקומען דער אָמניבוס וואָס האָט אונדז —די פּאַסאַזשירן— אַוועקגעפירט צום עראָדראָם פון עסייסאַ, פון וואַנען דער דזשעט האָט אונדז אין אַ צוויי שעה אַרום באַדאַרפט אַריבערברענגען קיין סאַן־פּאַולאָ.

אויפן עסייסאַ־עראָדראָם האָט מען זיך ווידער אַ מאָל אויסגעשטעלט אין אַ ריי, ווידער אַ מאָל קאָנטראָלירט די דאָקומענטן, פאַרטיילט עפּעס אַזעלכע צעטעלעך און ווידער געהייסן וואַרטן. דאָס דאָזיקע וואַרטן איז שוין נישט געווען פון מינוטן, נאָר טאַקע פון גאַנצע שעהן, אַזוי, אַז איך בין שוין גרייט געווען צו גיין איבערנעכטיקן אין אַ נאָענטן האָטעל.

ענדלעך האָט זיך דערהערט די גוטע בשורה, אַז מיר דאַרפן איינשטייגן טאַקע אין דעם גרויסן שטאָלענעם פויגל, וועלכער וואַרט שוין אויף אונדזערע גופים כדי זיי צו ברענגען אַהינצו, וווּ יעדער פון אונדז באַדאַרף.

כנהוג, האָב איך זיך פאַרגאַרטלט, להבדיל ווי מיין פרומער זיידע עליו השלום, צום דאַוונען; דער קאַפּיטאַן האָט אונדז מודיע געווען, אַז כך וכך קילאָמעטער און אין אַזוי פיל צייט וועלן מיר פליִען קיין מאָנטעווידעאָ און בשעת מעשה האָב איך זיך געטראַכט, אַז דער קאַפּיטאַן מאַכט אַ טעות, מחמת אין דער פלי־קאָמפּאַניע האָט מען מיר דאָך פאַרקויפט אַ פּאַסאַזש צו פליִען מיטן דירעקטן „דזשעט”. אָבער גיי פרעג שאלות, אַז איך בין אַ צוגעבונדענער צום בענקל פון אַוויאַן...

נאָך אַ שעה אָפּפליִען זענען מיר טאַקע בשלום אָנגעקומען קיין מאָנטעווידעאָ און זיך אָפּגעשטעלט כאַפּן אָטעם, אַזוי צו זאָגן, און אויסצוטריקענען אַ קאָקאַ־קאָלאַ און אין אַ וואָסערע צוואַנציק מינוט אַרום האָט זיך אונדזער „דירעקטער” דזשעט־אַוויאַן אָפּגעריסן פון דער ערד, זיך געלאָזט צו די הימלען, אויפן וועג קיין פּאָרטאָ־אַלעגרע.

דערווייל האָט זיך די נאַכט אָנגערוקט און מ׳האָט סערווירט אַ געשמאַקן אָונטברויט; די סטואַרד־מיידלעך האָבן זיס געשמייכלט, אַפּנים זיי האָבן געזאָגט אין פּאָרטוגעזיש ווי מען זאָגט אין בראַזיל „קאַלמאַ נאַ בראַזיל” און אַזוי

זענען מיר אַריינגעפלויגן קיין פּאָרטאָ־אַלעגרע, ווו מיר האָבן זיך ווידער אָפּ־געגרוט אַן ערך פינף און פערציק מינוט.

אַז מען שמועסט „קאַלמאַ נאַ בראַזיל" איז דאָך נישט שייך... און אַזוי זענען מיר לאַנגזאַם אָנגעקומען נאָך חצות הלילה אויפן ערעאָדראָם פון וויראַ קאָפּוס, פון וואַנען די רייזע נאָך סאַן־פּאַולאָ מיט אַן אויטאָ דויערט נישט מער ווי צוויי מיט אַ האַלבער שעה צייט. די היץ איז דערווייל געווען שטאַרק, דער דאָרשט האָט געמאַטערט, האָב איך אויסגעביטן אַ דאָלאַר און באַקומען פאַר אים עפּעס אַן ערך פון אַ האַלבן קילאָ קרוזייראָס און זיך דערקוויקט מיט אַ קאַלטער קאָקאַ־קאָלאַ.

נאָכן איבערקומען די פּאַספּאָרט־פּראָצעדור אין צאַלאַמט, וואָס האָט גע־דויערט נישט מער ווי אַ האַלבע שעה, זענען מיר ענדלעך איינגעשטיגן אין אַן אָמניבוס אָפּצופאָרן קיין סאַן־פּאַולאָ, אָבער גלייך נאָכן אָפּפאָרן איינעקע מי־נוט אויפן שאָסיי, האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף אַן אויטאָ, וועלכער האָט זיך אַן שום טענות ומענות אָפּגעזאָגט צו פאָרן ווייטער; זענען מיר אַלע, די פּאַ־סאַזשירן און דער שאָפער אַראָפּ פון אונדזער אָמניבוס, אַ קוק טאָן וואָס עס איז געשען. דער שאָפער האָט געמייסטרעוועט, די פּאַסאַזשירן האָבן זיך צו־געקוקט און נאָך אַ האַלבער שעה צייט האָט מען דעם פאַרחלשטן אָמניבוס אַרויסגעפירט אויפן דרך־הישר און ער האָט אָנגעהויבן פאָרן, אונדזער אָמני־בוס נאָך אים און אַזוי זענען מיר מיט גרויס כבוד דריי אַ זייגער פאַרטאָג אָנגעקומען קיין סאַן־פּאַולאָ, און ווען איך בין מיט אַ טאַקסי צוגעפאָרן צום האָטעל, האָט דער האָן שוין געגעבן דעם ערשטן קריי. עס האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן, ווען איך האָב גענומען נאָכרעכענען די צייט, וואָס עס האָט גע־דויערט די „שנעלע" רייזע מיטן „דירעקטן דזשעט" פון בוענאָס איירעס קיין סאַן־פּאַולאָ, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי האָט אין גאַנצן געדויערט עפּעס מער ווי עלף שעה. האָב איך דעריבער באַשלאָסן, אַז פון היינט און ווייטער וועל איך שוין פליען מיט אַ געוויינלעכן אַוויאָן און זיך מער נישט פאַרלאָזן אויף די „דירעקטע" דזשעט־אַוויאָנען, וואָס די גאַנצע רייזע איז אַ „גאָרנישט מיט אַ נישט"...

# כ׳העך טעלעוויזיע... כ׳זע טעלעוויזיע...

יאָרן־לאַנג האָב איך מיך פאַר דעם אויסגעהיטן ווי פאַר אַ מגיפה, להבדיל. מיינע באַקאַנטע און פריינט האָבן מיך כסדר געפרעגט: פאַרוואָס שטעלסטו דיר נישט אַריין אַ טעלעוויזיע־אַפּאַראַט? קינד און קייט זעען און הערן שוין היינט טעלעוויזיע, אַפילו אין די ווייטסטע פאַרשטעטלעך איז דאָס שוין פאַראַן, און דו, אַ מאָדערנער מענטש, אָן אַ טעלעוויזיע־אַפּאַראַט? פע! באמנות אַ חרפה! עס וואָלט געפּאַסט, אַז דו לעבסט נישט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט...

אַט אַזוי האָט מען מיט מיר געטענהט און מיך רק געוואָלט מאַכן „באַוווסטזיניק”. איך האָב זיך אָבער מיט פאַרשידענע תירוצים אויסגעדרייט פון דעם עסק, גלייך ווי איך וואָלט אינסטינקטיוו געפילט, אַז דער דאָזיקער משחית וואָס הייסט טעלעוויזיע, וועט מיר מער צרות ווי נחת פאַרשאַפן... און איך וועל פאַרשילטן דעם טאָג ווען מען האָט אים צו מיר אַריינגעשטעלט. אַזוי איז עס ווירקלעך געווען. עס איז כדאי אַז איר זאָלט עס הערן.

איינמאָל, שבת צו נאַכט, ווען מיר, ד״ה, איך און מיין פלוניתטע זענען געווען פאַרבעטן צו באַקאַנטע אויף אַ קערטל, און אין דער היים איז געווען מיין טעכטערל מיטן זון און די דינסט, האָט אַ היגע טעלעוויזיע־פירמע מיר אַריינגעשטעלט אַ טעלעוויזיע־אַפּאַראַט, אַזוי צו זאָגן, אויף „פּראָבע” און באַלד געלאָזט די כלי אין גאַנג... און ווען איך מיט מיין ווייבל זענען אַהיים געקומען, האָבן מיר שוין געהערט אין הויז אַ פריילעכן טאַנגאָ. מיר האָבן געמיינט, אַז מיר האָבן אַ טעות, עס איז נישט אונדזער וווינונג, מחמת ווי קומט צו אונדז אַ טעלעוויזיע, אַז מיר האָבן נישט געקויפט און נישט באַשטעלט?

אַריינקומענדיק אָבער אין דער וווינונג זענען מיר פשוט דערשטוינט געוואָרן: אויפן טיש איז געשטאַנען אַ גרויסער טעלעוויזיע־אַפּאַראַט אין אַ בכבודיקער פּאָזע, האָט געשפּילט און געוויזן בילדער „פון בעסטן און שענסטן”. מיין טאָכטער האָט ביי אים געמייסטרעוועט, געטוישט די „קאַנאַלן”, געטוישט די סטאַציעס, און סיי מיין דינסט, מיין טאָכטער און דער נאָך קלענערער זון האָבן מיר „געגעבן צו פאַרשטיין”, אַז אויף דעם אַפּאַראַט קען מען הערן, זען וואָס נאָר מען וויל: לייכטע מוזיק, קאָנצערטן, רעפּעראַטן; מען קען אויך זען אַ פיינעם באַלעט און פאַרשידענע סצענעס פאַר קינדער. איצט וועלן זיי זיך מער נישט לאַנגווייליקן ווען מיר וועלן נישט זיין אין דער היים, איבערהויפּט, אַז קיין געלט דאַרף איך דערווייל נישט געבן, דער סעניאָר אינזשיניער פון דער פירמע האָט איבערגעלאָזט דעם אַפּאַראַט אָן אַ גראָשן געלט...

בקיצור, איך האָב מיין ווייב אָנגעקוקט, מיין ווייב מיך, מירביידע האָבן אָנגעקוקט דעם אַפּאַראַט. מיר האָבן עפּעס אַזוי ווי נישט געקענט תופס זיין דעם גאַנצן ענין. מיר האָבן איינער דעם אַנדערן חושד געווען, אַז מן הסתם האָט ווער פון אונדז דעם אַפּאַראַט באַשטעלט. אין דער אמתן האָב איך גע־האַט בדעה דעם משחית, דעם אַפּאַראַט, הייסט עס, צוריקצושיקן, אָבער די קינדער האָבן געבעטן אַז איך זאָל עס נישט טאָן. וואָס אַרט עס מיך, אַז ביי אונדז וועט אויך זיין אַן אַפּאַראַט ווי ביי לייטישע מענטשן און מען וועט וויסן וואָס עס טוט זיך אויף דער גרויסער וועלט? איבעריקנס, האָט מיך אַליין אויך דער יצר־הרע פאַרכאַפּט און כ׳האָב אָנגעהויבן צו הערן און צו זען וואָס עס קומט פאָר.

זינט דעמאָלט האָט זיך ביי מיר אָנגעהויבן אַן אמתער גיהנום: מיינע בני־בית קענען צווישן זיך נישט אַדורכקומען וועגן די פּראָגראַמען. אַזוי האָט מיין טעכטערל ליב דעם קאַנאַל 7, וווּ מען גיט וויסנשאַפטלעכע אודיציעס (זי דאַרף עס האָבן פאַר דער שולע), מיין זונדל, ווידער, האָט ליב אַז מען ווייזט די צוויי לצים, וואָס מאַכן „טשיסטעס" וואָס קינדער קייקלען זיך פאַר געלעכטער און אויב מען דרייט אָן אַן אַנדערע סטאַציע, שטרייקט ער מיטן עסן. מיין ווייבל, ווידער, האָט ליב אַ קאָנצערט וואָס געפינט זיך אויף אַן אַנ־דערער סטאַציע. מיין שכן וויל הערן דעם טאָג־באַריכט (דער באַריכט פון טע־לעוויזיע, — זאָגט ער, — איז וויכטיקער ווי די צייטונג...), מיין שוויגער, ווי־דער, פרעגט זיך נאָך וועון עס וועט זיין די יידישע שעה, ווייל זי וויל גערן הערן די יידישע לידלעך וואָס די מיידלעך זינגען, מיין דינסט וויל אויך עפּעס הערן וואָס עס קען זי אינטערעסירן. וואָס דאַרפט איר מער? אַפילו מיין אַלטע מוטער, וואָס האָט שוין עטלעכע מאָל אָפּגעזאָגט ווידוי און גרייט זיך שוין צו פאַרלאָזן אונדזער זינדיק וועלטל, פרעגט זיך, צי אויף דער „מאַשין" קען מען אויך הערן די שיינע „האַרצרייסנדיקע" לידער ווי אַ מאָל אויף די גראַמאַפאָ־נען, אַ שטייגער, „אַ בריוועלע דער מאַמען", „גאָט אין זיין משפט איז גע־רעכט". די קינדער פאַרנאַכלעסיקן די לעקציעס, די דינסט אין מיטן וואַשן דאָס געשיר, כאַפּט זי אַ קוק אויף דער טעלעוויזיע. און איך? — איך בלייב אָן לשון, ווייל וואָס, משטיינס געזאָגט, פאַר אַ דעה האָב איך ביי אַזאַ עולם, קיין עין־הרע? און טאָמער וויל איך מיר רויק לייענען די צייטונג, קען איך נישט. יעדער שטעלט אָן אַן אַנדערע סטאַציע און די קאַנאַלן טוישן זיך און עס ווערט אַ רעש. עס זעט אויס ווי עס וואָלט געווען אַן איבערקערעניש. אָבער דערפאַר זענען מיך מיינע שכנים מקנא: עס איז ביי מיר דאָ טעלעוויזיע און מען ווייסט וואָס ס׳טוט זיך אויף דער וועלט...

# כ׳נעם מיט בריוו נאָך בראַזיל

כ׳ווייס באמת נישט פון וואַנען דער עולם אין באָליוויע האָט זיך דערוווסט, אַז אין די נאָענטסטע טעג פאָר איך צוריק נאָך בראַזיל; אמת, כ׳האָב דערפון נישט געמאַכט קיין סוד, אָבער אויך נישט צעפּויקט אין די גאַסן. פון דעסטוועגן האָט מען זיך דערוווסט, און קיין קשיות ביי קיינעם האָב איך נישט געהאַט צו פרעגן; איינער האָט מן־הסתם איבערגעגעבן דעם אַנדערן און אַזוי־ווי די פּאָסט צווישן בראַזיל און באָליוויע איז זייער אַ שלעכטע, אַ פאַרשפּעטיקטע, און אַמאָל דערגייט זי אינגאַנצן נישט (שוין געווען פאַלן ווען אַ בריוו פון באָליוויע איז דאָ „געגאַנגען" גאַנצע זעקס חדשים...) איז פּשוט אַ גליק וואָס איך פאָר אין עטלעכע טעג אַרום נאָך בראַזיל. און אַזויווי מען קען מיך שוין מכּמה יאָרן און פון מיינע אָפטע רייזעס, אַז איך זאָג נישט אָפּ אַפילו אַ פּעקל מיטצונעמען, וועל איך דאָך נישט אָפּזאָגן אַ פּשוטן בריוו. בקיצור: עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו שיטן בריוו פון אַלע זייטן, סתם בריוו, און אויך בריוו וואָס דרינען איז „עפּעס" געלעגן... אויך בריוו צו וועלכע איך האָב אויך באַדאַרפט צו געבן „אַ פּאָר ווערטער"... ד״ה: ריידן מיטן אַדרעסאַנט וועגן דעם וואָס אין בריוו איז געשריבן; אויך בריוו פון טאַטע־מאַמע וואָס די קינדער זענען אין בראַזיל, און האָבן לעצטנס אויפגעהערט צו שרייבן... און יעדער האָט מיר דעם זעלבן פּזמון אָנגעזאָגט: אַז איך זאָל גאָר גוט אָפּהיטן זיין בריוו... און למען השם נאָכן אָנקומען באַלד איבערגעבן, מחמת עס איז זייער אַ וויכטיקער בריוו, און ער וואָלט אים אַפילו געקענט שיקן מיט דער פּאָסט „סערטיפיקאַדאָ", נאָר אַזויווי ער האָט אַזאַ „גוטע געלעגנהייט", וויל ער בעסער מיט מיר שיקן...

ס׳פאַרשטייט זיך, אַז מיט יעדן טאָג איז דאָס פּעקל בריוו אַלץ מער און מער געוואַקסן... אין צוויי טעג פאַר מיין אָוועקפאָרן, אַז איך האָב געזען אַז עס וועט נישט זיין אויסגעהאַלטן צו פאַרפּאַקן די בריוו אין מיין וואַליזקע, פּשוט, עס וועט נישט אַריינגעמען דעם גאַנצן סכום בריוו, האָב איך מיר נאָך ספּעציעל געקויפט אַ לייטישן פּאָרטפעל צו דעם צוועק, און זאָלן זיך דאָרט די בריוו ליגן בכבוד גדול.

דער גרעסטער טייל בריוו איז געווען פאַר באָם רעטיראָ, אָבער עס זענען אויך געווען אָפּצוגעבן אין אַנדערע געגנטן, „ביירראָס" פון שטאָט, און אויך עטלעכע בריוו און פּעקלעך זענען געווען צו „ענטרעגירן" אין „סאַנטאַנאַ", „סאָן

קאַטאַנאַ״, ״סאַנטאַ אַנדרע״, און כדומה אַזעלכע פּלעצער, ווו איך האָב געמוזט נעמען צוויי ״קאַנדוסאַנען״ און אַ ביסל גיין צו פוס... אָבער עס פּאַסט דאָך נישט אָפּצוזאָגן מיינע באַליוויאַנער פריינט, וועלכע האָבן נישט געקענט אַדורכלאָזן אַזאַ ״גוטע געלעגנהייט״... און אַ טייל האָבן מיך נאָך געבעטן אַ ״טובה״ און נעמלעך: אַז ווען איך וועל האָבן איבערגעגעבן די בריוו און די פּעקלעך, זאָל איך מיך נישט פוילן און אָנשרייבן צו זיי ״אַ פּאָר ווערטער״... — נישקשה, —האָבן זיי צוגעגעבן,— ביי אייך שפּילט דאָך נישט קיין ראָלע אָנצושרייבן אַ בריוול. איר זענט דאָך עפּעס אַ שרייבער...

אַ טאָג פּאַר מיין אַוועקפאָרן האָט מיך געטראָפן אַ צרה: מען האָט מיר אַרויסגעגנבעט מיינע דאָקומענטן מיטן רייזע־בילעט, און עס פאַרשטייט זיך אַז איך האָב געמוזט אָפּלייגן מיין נסיעה ביז מען האָט מיר די דאָקומענטן צוריק־געבראַכט. אָבער עס איז מיר נישט געווען וואָס מקנא צו זיין...

באַלד ווי דער עולם איז געוווּיר געוואָרן, אַז איך בין נישט געפאָרן, האָט זיך ביי מיר אָנגעהויבן אַ שטאַרקע ״באַוועגונג״ פון די מענטשן וועלכע האָבן מיר מיטגעגעבן די בריוו מיט די פּעקלעך. מען האָט מיך אויסגעפרעגט פּר־טים: ווי אַזוי די גניבה איז פאָרגעקומען, מיט וואָס פאַר אַן אמניבוס איך בין געפאָרן, ווען דענק איך צו פאָרן, מחמת ווען זיי — די בריוו־געבער — וואָלטן געוווּסט, אַז איך וועל נישט קענען פאָרן, וואָלטן זיי די בריוו געווען געשיקט מיט דער פּאָסט... און אויב עס האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט און זיי זענען ״פאַר־פּירט״ געוואָרן, ווילן זיי שוין אָנשרייבן נאָך אַ בריוו און צולייגן אַ קליין פּע־קעלע... און זיי פאַרשטייען אַז איך וועל זיכער נישט זיין דאַקעגן... און כמעט יעדער איינער פאַרזיכערט מיר, אַז דאָס פּעקל וועט נישט זיין גרויס, העכסטנס 2 ביז 3 קילאָ, פון וואָס עס לוינט זיך נישט צו ריידן, עס איז נאַרישקייטן...

כ׳האָב געזען אַז איך בין אַריינגעפאַלן, עס האַלט שלעכט, יעדן טאָג קומען־צו בריוו און אויך די פּעקלעך בלייבן נישט הינטערשטעליק, האָב איך גענומען צויאָגן און זען וואָס שנעלער אַוועקצופאָרן און איך זאָל ווערן אויסגעלייזט פון דעם ״בריוו־גלות״... אָבער, מעשה שטן, האָט אויסגעבראָכן אַ שטרייק פון די אַוויאָנען און איך האָב ווידער געמוזט איבערבלייבן נאָך צען טעג. און מיינע באַליוויאַנער פריינט האָבן אויך נישט געשוויגן. די בריוו מיט די ״קליינע פּעק־לעך״ זענען געוואַקסן ווי די חובות פון אַ סוחר אַ יורד... עס זענען נאָך דורך דער צייט צוגעקומען בריוו מיט נאָך ״קליינע פּעקלעך״ מעדיצינען, וואָס אין בראַזיל באַקומט מען זיי נישט. כ׳בין פּשוט געווען פאַרצווייפלט, ביז גאָט האָט אויף מיר רחמנות באַקומען, דער שטרייק האָט זיך געענדיקט ״צייטוויליק״, און ענדלעך בין איך שוין מיט אַ לייכט געמיט און באַלאָדן מיט שווערע פּעקלעך און עטלעכע טוץ בריוו מיט מזל אָפּגעפלויגן קיין סאַן־פּאַולאָ; באַלד דעם ער־

שטן שבת האָט איך גומל געבענטשט, וואָס איך האָב מיך געראַטעוועט פון דער גרויסער בריוו־אינוואַזיע...

עס פאַרשטייט זיך אַז איך האָב באַצאָלט אַ היפּשע סומע פאַר איבער־וואָג. אויף דער גרענעץ האָט מען אויף מיר געקוקט מיט חשד. דריי טעג האָב שווער געאַרבעט ביים איבערגעבן יעדן בריוו און פּעקל. אָבער דאָס זענען אַלץ נאַרישקייטן, די הויפּטזאַך: מיינע פריינט און באַקאַנטע אין באַליוויע האָבן גע־האָט אַ „גוטע געלעגנהייט" און אַלץ דערפאַר וואָס די פּאָסט צווישן באַליוו־יע מיט בראַזיל איז אַזאַ שלעכטע און די בריוו „גייען" לאַנג...

# צרות פון מיין פאָטאָגראַפיע...

עטלעכע פון מיינע באָליוויאַנער פריינט אין סאַן־פּאַולאָ האָבן מיר געזאָגט, אַז עפּעס איינער אַ קולטור־מענטש, אַ הויכער מיט שוואַרצע ברילן, מיט אַ טעקע אין האַנט, זוכט מיך אַרום אין שטאָט און קען מיך נישט געפינען. בין איך געוואָרן זייער נייגעריק, בפרט נאָך ווען איינער פון מיינע פריינט האָט נאָך צוגעגעבן אַז דער דערמאָנטער „קולטור־מענטש” האָט אים געוויזן אַן אַלבאָם מיט אילוסטרירטע זשורנאַלן, אין וועלכן ער האָט געזען מיין „פּיקטשע” צוזאַמען מיט נאָך מענטשן, אַ געוויסע גרופּע, אַ קאָמיטעט, פון וועלכער איך בין זיכער געווען סעקרעטאַר, אַזוי ווי עס פּירט זיך שוין ביי מיר פון כמה יאָרן. האָט דער ענין מיך אָנגעהויבן שטאַרק צו אינטערעסירן, ווער קען עס אייגנטלעך זיין?... — האָב איך זיך אַליין געפרעגט. פאַרשיידענע געדאַנקען זענען מיר געקומען אין קאָפּ. איך האָב שוין געטראַכט, אַז אפשר האָב איך דאָס באַקומען פון אַ רייכן ייִד פון אַמעריקע, וועלכער איז אַ מעצענאַט פון ייִדישער ליטעראַטור, וועלכער לייענט מיינע הומאָרעסקעס און ביז היינט איז ער נאָך נישט אַריינגעפאַלן אין אַ טיפער מרה־שחורה... אָדער גאָט האָט געהאָלפן און ס'איז מיר געשטאָרבן אַ רייכער קרוב אין אַפריקע וועלכער האָט מיר, דעם „אייבציקן” יורש, איבערגעלאָזט אַ רייכע ירושה. און אין געדאַנק האָב איך גענומען נאָכקלערן, נאָכדענקען, וועגן מיין גרויסער משפחה אין דער גרויסער וועלט. כ'האָב שוין געקלערט אַז אפשר האָב איך באַקומען אַ גרויסע מתנה פון מיינעם אַ „געטרייען לייענער”, וועלכער איז געווען אַ חולה מסוכן און האָט גאַנצע נעכט נישט געקענט שלאָפן, און ווען מען האָט אים געגעבן צו לייענען מיין „שראַבעכץ”, איז ער באַלד אַנטשלאָפן געוואָרן... בקיצור, כ'האָב געטראַכט, געקלערט, נאָכגעזוכט אין געדאַנק, כ'בין נישט געשלאָפן ביינאַכט, נישט געגעסן ביי טאָג, און בשום אופן נישט געקענט דערגיין ווער דאָס קען זיין. און דערווייל איז אויך מיין בעל־דבר נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט; ער האָט זיך שוין אַפילו דערוווּסט דעם נומער פון מיין טעלעפאָן און מיך אָפּגערופן. אָבער מעשה שטן — האָט ער מיך נישט געטראָפן אין שטוב. אָבער ווי זאָגט זיך עפּעס אַ ווערטל: הימל און ערד האָבן געשוווירן אַז קיין סוד זאָל נישט ווערן פאַרהוילן. האָט גאָט געהאָלפן, און ווען איך בין אין עטלעכע טעג אַרום אַריינגעקומען אין קאַפּע „חביבי” טרינקען, אַזוי ווי שטענדיק, אַ קאַווע, האָב איך מיין „קולטור־מענטש” געטראָפן ביים טרינקען אַ קאָקאַ־קאָלאַ.

באַלד האָט מען אים צוגעטראָגן, אַז דאָס בין איך אַליין דער קולטור־מענטש מיט מיין „הויכער פערזענלעכקייט". אַ ווײַלע האָט ער מיך באַטראַכט, צי בין איך ווירקלעך דער „הויכער" פאַרשוין, וועמען ער זוכט. דאַן האָט ער מיר באַגריסט — דערלאַנגט אַ ברייטן שלום־עליכם, מיך איינגעלאַדן צו זיין טישל, און נישט ריידנדיק קיין וואָרט, האָט ער אַרויסגענומען פון זיין טעקע דעם אַלבאָם מיט די זשורנאַלן, געמישט, געבלעטערט, ביז ער האָט געטראָפן מיין פאָטאָגראַפיע אין דער גאַנצער „גרויסקייט" פון מיין פערזאָן, און נאָך דעם ווי איך האָב מיך שוין זאַט אָנגעקוקט פון אַלע זייטן, האָט ער מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער איז געקומען קיין סאַן־פּאַולאָ און אויך אין די אַנדערע שטעט פון בראַזיל, כדי צו פאַרשפּרייטן דעם איינציקן ייִדיש־שפּאַנישן זשורנאַל וואָס דערשיינט אין בוענאָס איירעס, און איך, ווי אַ שרייבער, זשורנאַליסט און קולטור־מענטש דאַרף אים העלפן אין זיין הייליקער שליחות, אַזוי ווי איך פלעג העלפן אַלע שליחים אין מיין פרי־ערדיקער מדינה — באָליוויע.

כ'האָב געפּרובירט מיך צו ווערן, פאַרטיידיקן, אָנגעהויבן צו שטאַמלען, באשר איך אַליין בין דאָך נאָך אַ גרינער און קען נאָך נישט גוט די ייִדן וועלכע זענען אויסגעהונגערט, חלשן ממש נאָך אַ ייִדישן אילוסטרירטן זשורנאַל אויף שפּאַניש. אָבער מיין בעל־דבר האָט מיך נישט געלאָזט קומען צום וואָרט. ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז לעת־עתה דאַרף ער פון מיר „אַ קלייניקייט": אַזוי ווי ער איז שולדיק אין האָטעל אַן ערך קנאַפּע פופציק דאָלער, וואָס ער האָט צופעליק נישט צו באַצאָלן... לכן, זאָל איך זען עפּעס צו טאָן אַז דאָס פּראָבלעם זאָל קענען געלייזט ווערן אויף אַ גוטן אופן... און נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער פון מיר האָט ער אַרויסגענומען פון דער בוזעם־קעשענע אַ חשבון פון האָטעל און מיר געוויזן „שוואַרץ אויף ווייס", ס'האָט ווירקלעך געשטימט: קנאַפּע פופציק דאָלער...

איך בין געבליבן אָן לשון, כ'האָב געפינטלט מיט די אויגן, געזוכט אַ וועג ווו נעלם צו ווערן און נישט געפונען. און מיין שליח האָט נאָך צוגעגעבן, אַז מיינע באָליוויאַנער פריינט האָבן אים פאַרזיכערט, אַז נאָר איך אַליין קען דעם ענין דערליידיקן, מחמת אַזאַ זאַך ליגט אין מיין קאָמפּעטענץ...

ווי איר פאַרשטייט אַליין, מיינע ליבע לייענער, האָב איך צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות די דאָזיקע „טראַנזאַקציע" נישט געמאַכט. כ'האָב געוואָלט אַרויסלויפן פון קאַפע, געזוכט איינעם וועלכער זאָל מיך אויסלייזן פון דער לאַגע, ביז גאָט האָט אויף מיר רחמנות געהאַט און איינער פון מיינע פריינט האָט מיך וועגן אַ דרינגענדיקן ענין צוגערופן צו זיין טישל, פאַר וואָס איך בין אים דאָס גאַנצע לעבן דאַנקבאַר. כ'האָב מיך אַנטשולדיקט, געבעטן אַז ער זאָל נישט זיין בייז וואָס איך מוז דעם געשפּרעך איבעררייסן, זיך געזעגנט, צוגעזאָגט זיך צו טרעפן

און בין אַריבער צום צווייטן טישל; און ערשט ביים קאַוועלע האָב איך געקענט אַ ביסל פרייער אָפּאָטעמען.

און דאָס אַלץ איז מיר געקומען פון מיין פאָטאָגראַפיע וואָס איז געווען אָפּ־געדרוקט אין דעם אילוסטרירטן ייִדיש־שפּאַנישן זשורנאַל מיט עטלעכע יאָר צוריק...

# ס'איז מיר „אַ גליק" געשען...

כ'האָב צעבראָכן אַ האַנט אַראָפּפאַלנדיק פון אַ טראַמוויי. נו, מילא, אין דעם גרויסן בוענאָס איירעס, אַ שטאָט פון העכער 4 מיליאָן מענטשן, איז עס נישט אַזאַ זעלטענע דערשיינונג. אויף טריט און שריט טרעפט מען, אויב נישט אין די הונדערטער איז זיכער אין די צענדליקער, מענער און פרויען (אַממיינ־סטנס טאַקע מענער, מחמת זיי שפּרינגען מער ווי פרויען...) מיט געבונדענע הענט, באַנדאַזשירטע פיס, מיט שטעקנס און אויך אָן שטעקנס. טייל האָבן די הענט אַרויפגעבונדן אויף אַזאַ ספּעציעל ברעטל, להבדיל, ווי אַן אַוויאָן... און די מער „מזלדיקע" האָבן די הענט, אָדער פיס, פאַרגיפּסט, אַרומגעבונדן מיט אַ טיכל און מען גייט ווייטער, ווער מיט איין פוס, ווער מיט איין האַנט, און מען מאַכט נישט קיין צופיל צערעמאָניעס. ווייל, ווי געזאָגט, עס איז אַ טאָג־טעגלע־בע דערשיינונג. דערצו זענען פאַראַן אין דעם גרויסן בוענאָס איירעס די געהע־ריקע „בעלי־מלאכות", ווי: שאָפערן, טאַקסיס, אָמניבוסן, טראַמווייען, „גואַר־דיעס", וועלכע באַווייזן טאַקע וואָס זיי קענען: דערהרגענען, צעקאַליעטשען, אַוועקוואַרפן, אַ ביסל אַזוי זיך איבערפאָרן, אָדער סתם זיך צעמזיקן אַ צענד־ליק מענטשן יעדן טאָג...

בקיצור, איך בין אויך געווען צווישן די „גליקלעכע" קרבנות וועלכע זע־נען אָפּגעקומען „בלויז" מיט איין צעבראָכענער האַנט און נישט מער... אָבער נאָכן אַדורכמאַכן די אַלע פאָרמאַליטעטן, ווי: פאָרן אין סאַנאַטאָריע, וואַרטן אויפן דאָקטער, מאַכן אַ ראַדיאָגראַפיע, באַנדאַזשירן מיט גיפּס מיין האַנט אַזוי ווי מיט רצועות ביי תפילין־לייגן אויף גאַנצע דרייסיק טעג, איז מיר, וואָס אַן אמת, געוואָרן אַ ביסל קאַלעמוטנע אויפן האַרצן און אַנגעזאַלצן אויף דער נשמה. עס איז עפּעס געווען אַזוי דאָסיק; אַ האַנט וואָס האָט מיר אַזוי טריי און איבער־געגעבן געדינט העכער 6 צענדליק יאָר ווערט, אַזוי — נישט מיר, נישט דיר, פאַרבונדן, באַנדאַזשירט. די ערשטע טעג האָב איך מיך געפילט ווי אַן אַרעס־טאַנט, וועלכער איז געוואָרן פאַרמשפּט אויף אַ געוויסער צייט תפיסה, און אָט, אָט ווערט ער אָפּגעשיקט העט ווייט אין ווייטע מקומות...

אָבער די אמתע צרות האָבן זיך ביי מיר ערשט אָנגעהויבן אין שטוב. און איך מיין, אַז קיין חיבוט הקבר וועל איך שוין נישט ליידן, מחמת די פּיין און

לײדן וואָס איך האָב געליטן פון מײנע פרײנט, באַקאַנטע שכנים, וועלן שוין איבער אויף אַלעם מכפּר זײן.

תּיכּף ווי איך בין פון סאַנאַטאָריע אין שטוב געקומען, נאָך דעם ווי דער דאָקטער, די קראַנקנשוועסטערס, די אַדמיניסטראַציע פון סאַנאַטאָריע האָבן די „פּאָר טאָלער" ביי מיר צוגענומען און מיך כּמעט געלאָזט נקי (היות ווי ס'איז גראָד געווען ערב יום־כּיפּור, דאַרף איך בײ מיר נישט טראָגן קײן געלט...) און איך האָב מיר אָנגעהויבן אַרײנצוטראַכטן אין מײן צרה מיט דער צעבראָכענער האַנט, האָבן אָנגעהויבן צו קומען שכנים, פרײנט, קאָלעגן, זשורנאַליסטן (אין אַזאַ צרה איז נישט פאַראַן קײן קנאה צווישן קאָלעגן־זשורנאַליסטן...), און סתּם ייִדן פון גאַס וועלכע האָבן זיך דערוווּסט פון מײן טרויעריקן אַקצידענט וואָס איך האָב געהאַט, און כּמעט אַלע האָבן מיך אויסגעפרעגט, געפאָרשט, קאָמענטירט, געבעטן, אַז איך זאָל דערצײלן מיט אַלע פּיטשעווקעס ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט, מחמת בטבע קענען זיי מיר פאַר אַ רויִקן מענטש, נישט קײן שפּרינגער, וועלכער גײט נישט אויף קידוש־השם און שפּרינגט נישט אויף גײענדיקע טראַמווײען...

אַממײנסטנס האָט מיך דערקוטשעט מײנער אַ שכן, אַ ייִד אַן אַלץ־ווײסער, אַ „סטראַטעג", אַ קענער פון גאַסן, טראַמווײען, אָמניבוסן, וואָס קען שוין בוענאָס אײרעס 45 יאָר. איך האָב אים נאָך ווי דערצײלט אַזוי ווי עס איז פאָרגעקומען: איך האָב מײנעם אַ פרײנט עפּעס איבערגעגעבן וואָס איך האָב מיטגעבראַכט פון אַן אַנדער מדינה ערשט נעכטן, און זיך געאײלט אַ הײם צו פאָרן אין שטוב, אָנגעכאַפּט דעם טראַמוויי מיט בײדע הענט און די פיס זענען געבליבן שטײן אויף דער גאַס. איך בין געפאַלן, מען האָט מיך אויפגעהויבן און דאָס איבעריקע ווײסט איר דאָך שוין אַלײן...

מײן פרײנט און שכן האָט זיך אַ ביסל פאַרטראַכט, מעשׂה מבין, און זיך צו מיר אָנגערופן בזה הלשון:

— איר ווײסט, מײן ליבער פרײנט, — האָט ער זיך צעזונגען מיט אַ זיס שטימעלע, — איר האָט געהאַט גרויס מזל. פּשוט אַ גליק איז אײך געשען. איר האָט גוט „אָפּגעשניטן". זכות אָבות איז אײך בײגעשטאַנען, איר זענט אַ געפּרוּבטער מענטש, אַ ניי־געבוירענער, וואָס אַזעלכעס קען זיך נאָר אײן מאָל אין אַ יובל טרעפן... ווייל שטעלט אײך נאָר פאָר, — האָט מײן פרײנט ווײטער געצויגן, — איר האָט נאָכגעלאָזט די הענט, געפאַלן אויף די שטײנער, דער טראַמוויי האָט אײך געקענט אָפּשנײדן די פיס (נישט מער און נישט ווייניקער) און דאַן האָט געקענט אָנלויפן דער אָמניבוס 155, וועלכער האָט אײך געקענט צעקוועטשן דעם בויך (אויך נישט שלעכט, און וועגן מײן קאָפּ האָט ער שוין אין גאַנצן נישט דערמאָנט), און עס וואָלט געווען גאַנץ נאַטירלעך אַז מען זאָל אײער

גוף אין גאַנצן נישט דערקענען... לכן, זייט צופרידן און גליקלעך, וואָס עס האָט זיך אַזוי „גוט" געענדיקט. איר וועט זיכער האָבן אַ מזלדיק יאָר... (משטיינס געזאָגט).

אָפּגעזאָגט דעם פּזמון, האָבן אַנדערע מיינע פריינט אויך „גענומען אַ וואָרט". איינער האָט דערציילט ווי זיין ברודער — נישט היינט געדאַכט — איז אַראָפּגעפאַלן פון די שטיגן און נעבעך צעבראָכן ביידע הענט און אַ פוס. מען האָט אים פאַרגיפסט ביידע הענט און געמאַכט אַזעלכע ברעטלעך, וועלכע זאָלן אונטערשפּאַרן די הענט, דער קערפּער איז געוועזן אַרומגענומען מיט אייזן (וועגן אַ נישטיקן פוס רעדט מען שוין נישט); ער איז געשלאָפן זיצנדיק און מען האָט אים געגעבן עסן אין מויל, און ער איז געווען אין גיפס גאַנצע 3 מאָנאַטן. דאַן האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ סדרה: מאַכן מאַסאַזשן, זאַלץ־בעדער, פאָרן קיין קאַרוהע; בקיצור — עס איז מיר אַ „גליק" געשען. עס איז גאַרנישט מיט גאָרנישט! אַז איר שפּילט זיך מיט מיר? אַז איך בין אַ „גליקלעכער מענטש" איז דאָך נישט שייך...

אויפן אַנדערן טאָג איז מיר די האַנט געוואָרן גרוי־שוואַרץ, טונקל־געל און נאָך אַזעלכע ענלעכע קאָלירן, און מיין שכן דער אַלץ־וויסער און „סטראַטעג" איז אַריינגעקומען און איך האָב אים געוויזן וואָס עס איז געשען, האָט ער מיך ווידער געטרייסט און געזאָגט, אַז דאָס איז גאַרנישט! ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס בלוט האָט זיך פאַרזעצט, די אָדערן פונקציאָנירן נישט, און דאָס איז עס אין גאַנצן, און איך האָב געהאַט גרויס פחד, געמיינט אַז מען וועט מיר, חלילה, די האַנט דאַרפן אָפּשניידן, און דאַן — איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר — קומען אויפן עולם־האמת מיט איין האַנט. וואָס פאַר אַ פּנים האָט עס?... און מיין פריינט האָט מיך געטרייסט, אַז עס איז אַ גוטער סימן.

אין אַ צוויי וואָכן אַרום האָט מיך די האַנט אָנגעהויבן שטאַרק צו בייסן. איך האָב אַזוי שרעקלעך געליטן, אַז איך בין פון דער הויט געשפּרונגען. אָבער מיין פריינט האָט שטאַרק געלאַכט און איז געווען שטאַרק צופרידן: „דאָס איז דאָך גוט, — האָט ער אויסגעשריגן. — איצט ווייסט מען, אַז עס היילט זיך!". איך האָב געליטן, געביסן פאַר ווייטאָג די פינגער, עס האָט מיך געפּייניקט און ער, מיין פריינט, האָט געזאָגט, אַז עס איז גוט... מיט איין וואָרט — עס האָט מיך קיינער נישט באַדויערט, אויסער מיין ווייב, די קינדער, מיין שוועגערין און שוואָגער, און די אַלע איבעריקע האָבן מיר אויפגעוויזן באותות ומופתים, אַז איך דאַרף זיין צופרידן, גליקלעך. עס האָט געקענט זיין פיל ערגער, און אַז איך האָב גוט „אָפּגעשניטן".

ווען עס איז צו מיר אַריינגעקומען איינער, וועלכער האָט נישט געוווּסט

פון מיין גרויס „גליק״, און זעענדיק מיין באַנדאַזשירטע האַנט, האָט ער מיך געפרעגט וואָס דאָס איז? בין איך אים אַנטקעגן געלאָפן און מיט גרויס שמחה אויסגערופן: פרעגט גאָרנישט! עס איז מיר אַ גרויס גליק געשען. איך האָב אַ געוואַלדיקן מזל. איך בין אַ גליקלעכער מענטש! איך האָב גוט „אָפּגעשניטן״! איך האָב בלויז אַ האַנט צעבראָכן... איך מאַך גאָר בקרוב אַ באַנקעט און אויך אַ קידוש אין שול, און איך בעט אייך אַ טובה, אפשר ווייסט איר ווו עס וווינט ערגעץ דער „גוואַרדאַ״ (קאָנדוקטאָר) פון טראַמוויי, פון וועלכן איך בין אַראָפּגעפאַלן. איך וויל אים מיט זיין גאַנצער פאַמיליע פאַרבעטן אויף דער „פיעסטאַ״, ווייל ער איז דאָך דער הויפּט־מחותן פון דעם גאַנצן „גליק״. ווען נישט ער, וואָלט איך דאָך נישט געקומען צו דער גאַנצער שמחה...

# כ׳פאָר נאָך פּאָסאָס דע קאַלדאַס

פון די שטאַרקע רעגנס בין איך אויך אַ קרבן. ד״ה עס האָט מיר חלילה נישט איינגעוואָרפן מיינע „פּרעדיעס״, פאַרגאָסן די סחורה אין געשעפט, אויסגעריסן מיינעביימער, חס ושלום! נאָר גאָר פשוט: אַזויווי עס האָט געמבולטעטלעכע טעג דורכאַנאַנד, האָט זיך ביי מיר דערוועקט דער אַמאָליקער רעומאַטיזם אין לינקן פוס, און הגם איך בין כל ימי אַ רעכטער, האָב איך פון לינקן פוס אָנגעהויבן צו האָבן גרויס עגמת־נפש, און נישט אַזוי ווייט דער פוס ווי די קני האָט מיר אָנגעהויבן ווי טאָן, אַז כ׳האָב ביינאַכט נישט געקענט שלאָפן.

מילא, אַז אַזאַ מעשה האָט מיך געטראָפן אין מיין מדינה באָליוויע, האָב איך געוווּסט וואָס צו טאָן, כ׳האָב מיר איינגעפּאַקט דאָס רענצל און היידאַ נאָך אורמירי, און אַלע באָליוויאַנער ייִדן וועלכע ווױנען לעצטנס אין בראַזיל, ווייסן און געדענקען גוט דעם קוראָרט אורמירי מיט די בעדער קעגן רעומאַטיזם.

בקיצור, די רעגנס האָבן זיך מיטן יעדן טאָג געשטאַרקט און מיט יעדן טאָג זענען אויך די ווייטיקן פון מיין פוס געוואָרן שטאַרקער, און אַז איך האָב געזען אַז דאָס שמירן מיט זאַלב, וויקלען דעם פוס, מאַכן איינשפּריצונגען העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס, האָב איך מיך שואל־עצה געווען מיט עטלעכע פון מיינע באָליוויאַנער פריינט, וועלכע זענען שוין תושבים אין בראַזיל, וואָס איך זאָל טאָן. האָבן אַלע געזאָגט דאָס זעלבע: בעדער! אָבער די מיינונגען האָבן זיך געטיילט: טייל האָבן געהאַלטן אַז איך זאָל פאָרן נאָך „סאַן פּעדראָ״, מחמת דאָס וואַסער איז דאָרט שטאַרקער ווי אין פּאָסאָס; און טייל האָבן געהאַלטן שטאָל־און־אייזן פאַר „פּאָסאָס דע קאַלדאַס״ פון וואַנען איך וועל צוריקקומען אַ באַנייטער, אַ פרישער, געזונט ווי אַ נוס...

לסוף האָט געזיגט פּאָסאָס דע קאַלדאַס און אין אַ רעגנדיקן טאָג (וועלכן טאָג האָט דען נישט גערעגנט?...) בין איך מיט מזל אַריינגעפאָרן אין דעם שיינעם קוראָרט וואָס ייִדן רופן עס פאַרקירצט „פּאָסאָס״.

דער באַלעבאָס פון האָטעל „קאָסמאָס״, אַן אַמאָליקער וואַרשעווער, מיט זיין פרוי האָבן מיך גאָר פיין און פריינטלעך אויפגענומען; הערנדיק אַז איך בין אַ צייטונגס־מענטש, האָט ער מיר געזאָגט אַז זיין האָטעל האָט שוין אַ חזקה אויף זשורנאַליסטן, און איך וועל אויך געוויס זיין צופרידן.

קוקנדיק אויפן געמיטלעכן באַלעבאָס מיט זיין פרוי אָן עין־הרע, האָב איך באַלד פאַרשטאַנען אַז הונגערן דאָ וועל איך שוין נישט.

נאָכן אָפּשטאַטן אַ וויזיט ביים דאָקטער, וועלכער האָט מיך עקזאַמינירט, געמאָסטן דעם בלוט־דרוק, באַקוקט די פיס — געפּויקט מיט די פינגער אויף די פּלייצעס, געהאָרכט דאָס האַרץ, געקוועטשט דעם בויך, און נאָך אַזעלכע קלייניקייטן, האָב איך געקריגן אַ צעטל אַז איך בין אַ גאַנץ בכבודיקער קאַנדידאַט צו נעמען יעדן טאָג אַ מרחץ פון 15 מינוט.

נאָכן ערשטן טובל זיין זיך, האָב איך געכאַפּט אַ שמועס מיט מיינע פריינט, אחים לצרה, וועלכע זענען שוין קיין גרינע נישט אויף דעם געביט. האָבן זיי מיך געפרעגט ווען איך האָב גענומען די ערשטע באָד, און ווען איך האָב געזאָגט אַז נאָכן פרישטיק, האָט מיר איינער שטרענג אָנגעזאָגט אַז מער זאָל איך אַזעלכעס נישט טאָן, מחמת עס איז פּשוט געפערלעך. און ער האָט מיך געלערנט: באַלד ווי איך וועל נאָר אויפהייבן זיך פון שלאָף, 7 אַזייגער, זאָל איך נעמען אַ באָד; מיטנעמען אַ גרויסן האַנטוך, זיך גוט אַרומוויקלען, און למען השם מיטנעמען אַ היטל, עס איז געפערלעך אָן אַ היטל אַהיימצוגיין פון באָד. איבערהויפּט האָט ער אַ סך מאָל באַנוצט דאָס וואָרט „געפערלעך". נאָך דער באָד דאַרף איך זיך אַ האַלבע שעה אָפּרוען און שוויצן. דורכאויס, זאָגט ער, מוז איך שוויצן. כ'האָב אים אַפילו געגעבן צו פאַרשטיין אַז בטבע בין איך נישט קיין שוויצער... אָבער עס האָט גאַרנישט געהאָלפן. כ'האָב אים געמוזט צוזאָגן אַז איך וועל זיך נוהג זיין לויט זיינע אינסטרוקציעס.

אויף מאָרגן פרי האָב איך אַזוי געטאָן ווי מיין שכן האָט מיך געלערנט. כ'בין געגאַנגען זיך באָדן אויפן ניכטערן מאָגן, מיטגענומען אַ גרויסן האַנטוך, זיך אַרומגעוויקלט, אָנגעטאָן אַ היטל, געזעסן און זיך אָפּגערוט. אָבער אויף להכעיס האָב איך נישט געקענט שוויצן, כאָטש גיי אַריין צו אַ בעקער... ווען איך בין ביים מיטיק געזעסן ביי איין טישל מיט מיין צווייטן שכן, האָט ער מיך סתם אַזוי אַ פרעג געטאָן: נו, ווען האָט איר זיך היינט געבאָדן? און ווען איך האָב אים געזאָגט אַז אויפן ניכטערן מאָגן, האָט ער אויף מיר אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן און פּשוט זיך געבייזערט. וואָס הייסט, האָט ער געטענהט, איר גייט אַוועק זיך באָדן פאַרן פרישטיק, ווען די וואַנע איז נאָך קאַלט, און איר קענט זיך נאָך צוקילן? מען זעט טאַקע אַז איר זענט פון באַליוויע...

— מען שטייט אויף —גיט ער מיר אַ לעקציע— עסט מען קודם פרישטיק, דאַן מאַכט מען אַ קורצן שפּאַציר אין „זשאַרדים", מען כאַפּט אַ דרימל, און דאַן גייט מען זיך באָדן. אַזוי פיר איך מיך כל ימי, און איך קום שוין דאָ אַן ערך פון 22 יאָר און ווייס ווי זיך נוהג צו זיין. בכדי צופרידנשטעלן מיינע ביידע פריינט, די גוטע שכנים, האָב איך ביידע צוליב געטאָן; איין טאָג בין איך זיך געגאַנגען באָדן פאַרן פרישטיק, ווען די וואַנע איז נאָך געווען קאַלט, און איין טאָג האָב איך מיך געבאָדן נאָכן פרישטיק, אַז געהאָלפן האָט עס מיר סיי־ווי נישט, זאָל כאָטש זיין שלום...

נאָכן אָפּזיין עטלעכע טעג, האָב איך געזען אַז די ווייטיקן הערן נישט אויף, און ווען איך האָב די ידיעה איבערגעגעבן מיינע פריינט, די שכנים פון האָטעל, האָט איינער מיך געראָטן אַז איך זאָל נעמען „שיקאַטעס" (אַזאַ מין שפּריץ פון די פייערלעשער אין דער אַלטער היים..) דאָס, זאָגט ער, צעוואַ־רעמט גוט דאָס בלוט, מאַכט רויט דעם קערפּער, די אָדערן באַוועגן זיך, עס פרישט אָפּ דעם מענטש און בכלל איז עס אַ גוטע זאַך און מען דאַרף עס אויס־נוצן. ער האָט מיך פאַרזיכערט אַז עס וועט זיין „ווי מיט דער האַנט אָוועק־גענומען"...

האָט דאָס דערהערט מיין צווייטער שכן, האָט ער זיך אַריינגעמישט און אויפגעוויזן מיט אַ סך בקיאות, אַז דאָס טויג נישט פאַר מיר. ער, למשל, האַלט נישט פון „שיקאַטעס". בעסער ראָט ער צו נעמען „סירקולאַר", וואָס זיין דאָק־טער אין סאַן פּאַולאָ האָט אים רעקאָמענדירט, און אויב דאָס וועט נישט העלפן, איז נאָך דאָ אַזאַ אַפּאַראַט, אַריינצוטאָן אַ פוס אָדער גאָרביידע פיס. עס איז דאָ אויך אַן אַפּאַראַט וואָס זעט אויס ווי אַ פעסל וואָס מען קען אַריין מיטן גאַנצן קערפּער, און אַ סך מענטשן זענען שוין געהאָלפן געוואָרן. אָבער ווען איך האָב שפּעטער אָנגעקוקט די מאַשין וואָס האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט מיך געוואָלט איינשלינגען, האָב איך פּשוט מורא באַקומען, אַז אויב איך זאָל מיך דאָרט געבן אַ פּאַק אַריין, קען מען מיך חלילה נישט אַרויסזען, און בלית ברירה האָב איך רעזיגנירט פון דעם נייעם הייל־מיטל...

כ'האָב מיר געוואָלט איינרעדן אַז ס'איז מיר בעסער (כ'בין דאָך פאַרט אין די בעדער קעגן רעומאַטיזם!) דערווייל האָט מיר אַן אַנדערער פריינט גע־בראַכט אַ זאַלב צו שמירן, פון וואָס דער פוס איז געוואָרן אָנגעצונדן, פּשוט געברענט, אָבער די שמערצן האָבן דערווייל נישט נאָכגעלאָזט, און איך האָף אַלץ אַז אָט־אָט און איך וועל געהאָלפן ווערן...

געוויסע חסידים פון פּאָסאָס האָבן מיר געזאָגט אַז די בעדער ווירקן ערשט אין אַ צוויי חדשים אַרום. אויב אַזוי, האָב איך מיר געטראַכט, קען איך דאָך דערווייל אַהיימפאָרן נאָך סאַן פּאַולאָ, און איך וועל אָפּוואַרטן די צוויי חדשים אַז ס'זאָל מיר בעסער ווערן... און דערווייל האָבן מיינע באַליויאַנער פריינט, די חסידים פון סאַן פּעדראָ, אַ נקמה: נו, זאָגן זיי מיט טריומף, האָבן מיר דיר נישט באַלד געזאָגט אַז נאָר סאַן פּעדראָ וועט דיר העלפן?!...

נאָכן אַהיימקומען נאָך סאַן פּאַולאָ האָב איך פעסטגעשטעלט אַז די בעדער האָבן לעת־עתה זייער גוט געמאַכט מיינע... „אַטשיסקעס", פון וועלכע איך לייד אויך געברענטע צרות. און וואָס שייך מיין לינקן פוס, דענק איך צו פאָרן נאָך באַליוויע אין די רעכטע בעדער דאָרט...

## כ׳מוז פאַרלירן וואָג...

יאָרן לאַנג האָב איך מיר אָפּגעלעבט אין מיין הויכער מדינה באַליוויע, רויִק, פיין און נישט געהאַט צו טאָן מיט קיין דאָקטוירים, אַפּטייקן, רעצעפּטן, מעדי־ צינישע עצות פון גוטע פריינט, וועלכע ווילן מיך רק ראַטעווען... נישט געוווּסט פון די אַלע מאָדערנע צרות און אַנשיקעניש, ווי: הויכער בלוט־דרוק (פּרע־ סיאָן, בלע״ז), דאָס עסן איז נישט געזונט פאַר דער לעבער, דאָס אַנדערע עסן מאַכט צו פעט, טויג עס ווידער נישט פאַרן האַרץ... וכדומה. איך האָב מיר געלעבט נאָרמאַל מיט מיין וואָג, וואָס איז געווען צוגעפּאַסט פאַר אַזאַ פאַר־ שוין ווי מיין פּערזענלעכקייט איז. אלא איך בין אָפּגעקומען מיט אַ צוויי קילאָ פון מיין נאָרמאַלער וואָג, איז אויך נישט קיין אומגליק געווען, בין איך מיר אַריבערגעפאָרן קיין בוענאָס איירעס און אין פאַרלויף פון פיר וואָכן האָב איך באַלד „צוגענומען״ דריי קילאָ, אַזוי אַז איך האָב נאָך געהאַט אַן עודף פון אַ קילאָ... און אַזוי האָט עס זיך געפירט יאָרן און איך האָב געמיינט אַז אַזוי וועל איך מיר שוין אויסלעבן דאָס ביסל יאָרן וואָס דער רבונו־של־עולם האָט מיר געגעבן. עס איז אָבער אַזוי נישט געווען. איר מעגט עס הערן:

מיט עטלעכע חדשים צוריק בין איך פון מיין הויכער מדינה געקומען קיין סאַן פּאַולאָ, געקומען אַזוי ווי תמיד, מיט מיין נאָרמאַלער וואָג מיט וועל־ כער איך טראָג מיך שוין אַרום, ברוך־השם, שיינע צענדליקער יאָרן און אַזוי ווי דאָס עסן בכלל, און ביי מיינע פריינט בפרט, איז פיל געשמאַקער ווי אין דער הויכער מדינה, האָב איך אַזוי נישט באַמערקנדיק אָנגעהויבן צוצונעמען אויף דער וואָג. פאַרשטייט זיך, אַז אין דעם זענען שולדיק געווען מיינע פריינט און נישט אַזוי מיינע פריינט, ווי די ליבע פרויען זייערע, וועלכע האָבן מיך געקעכלט מיט די בעסטע און פיינסטע מאכלים, גלייך ווי איך וואָלט געווען אַן אידעם אויף קעסט... אַזוי, ביסלעכוויז, האָב איך אָנגעהויבן צוצונעמען יעדע צוויי וואָכן אַ קילאָ. קענט איר זיך שוין פאָרשטעלן אַז אין עטלעכע חדשים אַרום איז מיין גוף „באַרייכערט״ געוואָרן מיט שיינע עטלעכע קילאָ... עס האָט אָנגעהויבן צו דראָען אַ געפאַר, אַז איך וועל מוזן פאַרקויפן אַלע אַנצוגן וואָס איך פאַרמאָג און מיר לאָזן אויפנייען נייע, מחמת עס איז מיר אַלץ געוואָרן שמאָל. אַז איך האָב געזען אַז דאָס שפּיל איז פאַרן טייוול, האָב איך מיך אונ־ טערגעגעבן און באַשלאָסן זיך צו באַראַטן מיט אַ דאָקטער.

אָבער דער ענין גיין צו אַ דאָקטער איז אויך נישט פון די לייכטע זאַכן.

פאַראַן אין דעם יידישן סאַן פּאַולאָ גענוג יידישע דאָקטוירים (מען זאָל זיי נאָר נישט דאַרפן). עס שווינדלט ממש מיט יונגע דאָקטוירימלעך, ערשט פון דער גאָדל אַרויס. עטלעכע פון זיי געדענקט נאָך מיין פריינט שלמהלע, ווען זיי האָבן געפּראַוועט בר־מצווה...

כ׳האָב מיך באַראַטן מיט מיינע פריינט צו וועלכן דאָקטער איך זאָל גיין, און דאָ האָט זיך פשוט אָנגעהויבן אַ שטרייט. יעדער פריינט האָט נאָר גע־וואָלט אַז איך זאָל נאָר גיין צו „זיין" דאָקטער, ווייל נאָר ער קען מיך מאַכן פאַר אַ לייט אַז איך זאָל פאַרלירן וואָג. — ער, מיין דאָקטער, — זאָגט מיין פריינט, — איז נישט אַזוי ווי די אַנדערע דאָקטוירים וואָס רייסן די הויט, ער האָט יאַאַנדעס מיט אַ חולה, נישט אַזוי ווי די אַנדערע וועלכע ריידן נישט קיין וואָרט און איידער וואָס, איידער ווען, גיבן זיי שוין די האַנט און „האַסטאַ לוע־גאָ"... דעם פּאַציענט רעדט מען איין אַז ער איז אַ חולה מסוכן און מאַכט זיך אַ פּרנסה אויף לאַנגע חדשים.

בקיצור, איך האָב דורכגעשטודירט אַ טוץ דאָקטוירים און באַשלאָסן צו גיין צו איינעם וואָס לאָזט צו זיך ריידן, מען זאָל אים נישט דאַרפן...

צו דער באַשטימטער צייט בין איך מיט מיין פריינט געווען אין דער קאָנ־סולטאַריע פונעם דאָקטער וואָס לאָזט צו זיך ריידן און כהרף־עין בין איך שוין געלעגן אויסגעצויגן אויפן בעטל ווי אַ גראַף. דער דאָקטער האָט זיך גענומען צו דער מלאכה: טאַפּן דעם דופק, מעסטן די היץ, אונטערזוכן דאָס האַרץ, קלאַפּן אין די פּלייצעס, האָרכן די לונגען, געהייסן מאַכן אַן אַנאַליז, געפּויקט מיט די פינגער אויפן רוקן, געדריקט דעם בויך און געקוועטשט פון אַלע זייטן און געקוקט מיר אין די אויגן. דער עיקר: געמאָסטן מיר דעם בלוט־דרוק און פעסטגעשטעלט אַז איך האָב „פּרעסיאָן"! — און דאָס, — זאָגט ער, — טויג נישט, עס געפעלט אים נישט. האָב איך אים געזאָגט, אַז מיר געפעלט עס אויך נישט... דערנאָך האָט ער מיך אָפּגעוואויגן און זעענדיק אַז איך האָב אַן איבערוואָג אויף גאַנצע זעקס קילאָ, האָט ער זיך אַ ביסל פאַרקרימט און גע־זאָגט אַז וועדליק מיין „הויכקייט" וועג איך צופיל. דעריבער מוז איך למען־השם אַראָפּוואַרפן וואָג. ערשט איצט האָבן זיך אָנגעהויבן מיינע צרות.

אַז דער דאָקטער האָט מיר אויפגעשריבן אַ צעטל פון די מאכלים וועלכע איך טאָר נישט עסן, איז מיר געוואָרן פינצטער פאַר די אויגן, אדרבא הערט אַליין:

ברויט — נישט אַ לעק, קוכן — איז פאַר מיר סם, קאַרטאָפל — געפּער־לעך, פלייש געבראָטן — נישט נעמען אין מויל (סיידן גוט אויסגעקאָכט אין דער יויך), הערינג — אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן, אַפילו נישט שמעקן צו אים, לאָקשן — נישט אָנקוקן, אייער — נישט געזונט (סיידן איך קען זיי טרינקען).

מיט איין וואָרט: נאָכן איבערלייענען דעם צעטל, האָב איך געזען אַז עס איז מיר נישט מער איבערגעבליבן צו עסן ווי רייז מיט „פּיזשאַן" (אַרבעסלעך) און צו טרינקען וואַרעמע קאַקאַ־קאָלאַ... איי, טאָמער וועט מיך פּאַרט הונגערן, מעג איך עסן אַ „מאַנדאַרינקע" אָדער אַן עפּעלע. — אָבער, ה' דאָקטער, — זאָג איך, — דאָס קען איך עסן ווען אַפילו איך בין זאַט...

אַזוי ווי אויף צו להכעיס באַקום איך כסדר איינלאַדונגען, אַז איך זאָל קומען אויף: באַנקעטן, חתונות, בריתן (אַ גערעטעניש לעצטנס אויף בריתן ביי לאַנדסלייט), געזעגענונגס־אָוונטן צום אָוועקפאָרן קיין ישראל, „אַניווער־סאַריעס" און פאַרשידענע פּריוואַטע איינלאַדונגען, אויף מיטיק, אָוונט־ברויט. מיינע אַ לאַנדספרוי וועלכע איך קען שוין עטלעכע צענדליק יאָרן לאַדט מיך איין אויף גוטע פיש, מיט טשאָלענט... איך רעד, דערקלער, שטאַמל, דערצייל, אָבער עס העלפט נישט! זי זאָגט מיר אַז איך קען עסן אויף איר פאַראַנטוואָרט־לעכקייט. פאַר די ליבע פרויען פון מיינע פריינט מוז איך מיך פאַרטיידיקן, אַז איך בין לאַ־עליכם, אויף אַ דיעטע און מוז זיין אָפּגעהיט מיטן עסן, מחמת כ'מוז אָפּנעמען וואָג. מיינע באַקאַנטע באַטראַכטן מיך מיט באַדויערן, שאָקלען מיט די קעפּ און גיבן מיר עצות ווי אַזוי איך זאָל אָפּנעמען. איינער אַ פריינט זאָגט מיר, אַז יעדן צווייטן טאָג זאָל איך נעמען אַ טערקישע באָד, וועל איך „פאַרדינען" אַ זיכערע קילאָ וואָס איך וועל פאַרלירן; אַן אַנדער פריינט (ער איז אַ שטיקל יעקע) זאָגט מיר, אַז איך מוז יעדן טאָג „לויפן"; איך זאָל מיר מאַכן יעדן טאָג אַ „שפּאַציר" פון פּופּציק קוואַדרעס, וואָלט איך געווען אַ גע־ראַטעוועטער... אין אַ פיר וואָכן אַרום וואָלט איך געקענט קאָנקורירן מיט מאַ־האַטמאַ גאַנדי, עליו השלום... אָבער איך ענטפער מיינע פריינט, אַז עס איז מיר אוממעגלעך, מחמת אין דער פרי נעמט מיך מיין פריינט מיטן וואָגן אין געשעפט און אין אָוונט נעמט מיך מיין שכן צוריק אַ היים מיטן אויטאָ, טאָ ווען זאָל איך לויפן אָדער גיין צו פוס, סיידן ביינאַכט...

דערווייל בין איך אויף צרות: איך פאַסט תעניתים, איך עס „סוכאַרקעס מיט פּיזשאַן", און ווען נישט די פיינע פּריוויטיק־צו־נאַכטן, וואָס איך עס ביי מיינע פריינט, ווער ווייסט צי איך וואָלט שוין לאַנג נישט געווען דאָרט פון וואַנען מען שרייבט נישט קיין הומאָרעסקעס און מען שיקט נישט קיין גרוסן. ווען מען איך טרעף פרעג איך: אפשר ווייסט איר פון אַ מיטל צו פאַרלירן וואָג?... וויל טאָמער זאָל מיין תענית אָנהאַלטן נאָך אַ פּאָר חדשים, וועל איך דערווייל שטאַרבן פון הונגער...

## כ׳בין שיעור געווען אַ גאַסט אויף יענער וועלט...

צו שרייבן הומאָרעסקעס וועגן קראַנק זיין איז נישט אַזאַ גרויסע חכמה, אָבער איך דענק, אַז אין יעדער קרענק, ווי טראַגיש זי זאָל נישט זיין, איז שטענדיק פאַראַן אַביסל הומאָר... און גראָד ביי מיר האָט מיין שווערע האַרץ־קראַנקייט, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט מיט אַ קורצער צייט צוריק, געהאַט אַ סך קאָמישע סיטואַציעס. בכלל האָב איך קיין אַנונג נישט געהאַט, אַז איך בין אַזוי געפערלעך קראַנק, נישט געפילט אַפילו אַז אַט־אַט און מיינע טייערע לייענער און נאָך מער טייערע לייענערינס וועלן פון מיינע הומאָרעסקעס פטור ווערן...

לעולם געדענק איך שוין נישט די צייט ווען איך בין קראַנק געווען, און ווען די דאָקטוירים זאָלן אַרויסקוקן אויף מיינע פאַרדינסטן, וואָלטן זיי זיכער נישט געווען געפאָרן אין לוקסוס־אויטאָס, נאָר וואָלטן געשפאַנט צופוס ווי מיר פראָסטע בשר ודמס, ווי עמך...

איך געדענק אין דער אַלטער היים ביי אונדז אין שטעטל, ווען איינער איז קראַנק געוואָרן (קיין האַרץ־קראַנקייט האָט איבערהויפּט נישט עקסיסטירט...) — פלעגט מען רופן ר׳ שואלן דעם „סטאַרשע פעלדשער״, און ר׳ שואל פלעגט קומען מיטן שוואַרצן קעסטעלע אין האַנט און געבן דעם חולה איינע פון די צוויי רפואות, וואָס האָבן זיך אין קעסטעלע שטענדיק געפונען: אַ טוץ באַנקעס, אָדער אַ קאַנע... איינע פון די צוויי האָט זיכער געהאָלפן, און טאָמער חלילה נישט, איז עס געווען אַ גזר מן השמים, אַנגעשריבן פון „אויבן״ ראש השנה און יום־כיפור, דער חולה האָט זיך איבערגעפעקלט אויפן עולם האמת — דאָרט, ווו מען איז קיינמאָל נישט קראַנק...

די אַלע יאָרן וואָס איך געפין זיך אין דער הויכער מדינה, האָב מיך כלל נישט שלעכט געפילט, אַזויווי צווישן מיר און דער מדינה וואָלט עקזיסטירט אַ שטילער אָפּמאַך: איך וועל די מדינה נישט טשעפּען, און די מדינה מיט די „אַלטוראַ״ וועט צורו לאָזן מיין האַרץ מיט די איבעריקע רמ״ח אברים פון מיינע 63 קילאָ, ביז עס איז געשען.

אין אַ געוויסן נאָכמיטיק, ווען איך האָב געבלעטערט אַ היפּש ביסל צייטונגען, זשורנאַלן וואָס איך האָב באַקומען פון אַ האַלבער וועלט, האָב איך עפּעס אַזוי ווי נישט געפילט אונטערן האַרץ־לעפעלע, אַזויווי דאָס האַרץ וואָלט חלילה

געוואַלט פון מיר אַרויסשפּריגגען... און נאָך אַ פּאָר מינוט איז עס פאַרביי, און מיין האַרץ איז ווידער געוואָרן אַ האַרץ מיט הערצער צו גלייך...

איך אַליין בין נישט קיין גרויסער פּאַטריאָט פון דאָקטוירים, אָבער מיינע קינדער האָבן זיך פאַרלייגט אויף מיר, אַז רק איך מוז גיין צום דאָקטער. צו אַ האַרץ־ספּעציאַליסט, אַ קאַרדיאָלאָג, ווי מען רופט אים אויפן מאָדערנעם לשון.

געקומען צום דאָקטער, האָט ער מיך, ווי דער שטייגער, אויסגעפּרעגט ווי לאַנג עס איז ווי איך בין נישט קראַנק געווען, און ווען איך האָב אים געזאָגט אַז דאָס איז שוין אַ קימאַ־לן פון העכער פערציק יאָר, האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט חשד. האָב איך אים דערציילט אַז אַלס קינד בין איך קראַנק געווען אויף דער „ענגלישער קרענק" און פון דעמאָלט קען איך מן־הסתם די פּאָר ענגלי־שע ווערטער.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון טאַפּן דעם דופק, מעסטן דעם בלוט־דרוק, קוועטשן דעם בויך, קוקן אין די אויגן, האָרכן די לונגען, באַטראַכטן די פיס, זען די אַרויסגעשטעקטע צונג, און נאָך אַ פּאָר קלייניקייטן, און דעמאָלט האָט ער זיך ערשט גענומען צו מיין האַרץ. געפּאַרשט, אויסגעהערט ווי עס קלאַפּט, און איך בין כל ימי געווען זיכער אַז מיין האַרץ „קלאַפּט ווי אַ זייגער", און לסוף האָט דער דאָקטער געזאָגט אַז ער מוז ערשט מאַכן אַן עלעקטראָ־קאַרדיאָגראַמע, כדי צו זיין זיכער אין זיין דיאַגנאָז.

אַנידערגעלייגט זיך אויפן בעטל ווי אַ פריץ, האָט דער דאָקטער מיך אַרומגעשנאַלט מיט רימענעס און בענדער און געלאָזט אין גאַנג די מאַשין מיט די אַפּאַראַטן, און ווען די טאַשמע מיטן אויפשריפט איז אַרויסגעקומען, איז דעם דאָקטערס פּנים געוואָרן פינצטער, פאַרכמורעט, געקוקט אויף דער טאַש־מע און אויף מיר מיט רחמנות, גלייך ווי איך וואָלט געהאַט באַהאַלטן אַ צווייט האַרץ, וואָס איך וויל אים נישט ווייזן... און ווידער צום צווייטן מאָל געמאַכט אַן „עלעקטראָ־קאַרדיאָגראַמע" און אַזוי ווי מיין האַרץ איז אַלץ געווען דאָס זעלבע, איז אויך די טאַשמע אַרויסגעקומען ווי דאָס ערשטע מאָל... איך האָב נישט געשאָנקען קיין אויפמערקזאַמקייט דעם גאַנצן ענין, און נישט געוווּסט, אַז לויט די טאַשמע בין איך אַ נוטה למות, אַז אָט־אָט און איך קען מיך אַריבער־פּעקלען דאָרט אַהין, וווּ מען שרייבט נישט קיין הומאָרעסקעס און אַפילו נישט קיין פראָסט ברייוול... מיר אַליין האָט דער דאָקטער געזאָגט, אַז עס איז אומ־באַדינגט נייטיק אַז איך זאָל רוען און ליגן אין בעט „עטלעכע טעג". אָבער דערפאַר האָט דער דאָקטער שוין גאָר לאַנג גערעדט מיט מיינע קינדער, אָנ־געשריבן צוויי לאַנגע צעטלען מיט רפואות, טאַבלעטן, איינשפּריצונגען, קינסט־לעכע לופט, אַנאַליזן, בלוט צאַפּן, אאַז"וו.

ווען איך בין שוין געלעגן אין בעט, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אמתע חתונה. קודם־כל האָט מען אַריינגעקוילערט צוויי גרויסע באַלאָנען מיט „קינסט־לעכע לופט", וואָס יעדער באַלאָן איז לכל הפחות געווען נאָכאַמאָל אַזוי גרויס ווי איך. מען האָט מיר אויפן פּנים אָנגעטאָן אַ גומענע מאַסקע צו אָטעמען לופט סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט, איך האָב מסתמא אויסגעזען ווי גאָרדאָן קו־פּער בעת ער האָט אונטערגענומען זיין באַרימטע רייזע אין די הימלען... און מיין 3־יעריק איניקל משהלע האָט טאַקע געפרעגט ווען ער האָט מיך דערזען מיט דער מאַסקע, צי איך בין געוואָרן אַ פּילאָט... און ווען איך האָב מיך שפּע־טער דערזען אין אַ קליין שפּיגעלע, בין איך געווען ענלעך צום לאַדזשער מאַ־לער פון אונדזער שטעטל, וועלכער האָט זיך פּורים פאַרשטעלט ביי מכירת יוסף...

ביי מיין בעט האָט זיך באַוויזן אַ סימפּאַטישע קראַנקנשוועסטער, וועלכע האָט נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויגן פון מיין יעדער באַוועגונג. דאָס נאַכט־טישל איז געוואָרן אָנגעשטעלט מיט פלעשלעך, שאַכטלעך, פּעקלעך. כ'האָב מיך גע־פילט, ווי מען וואָלט מיך פלוצים אַריינגעוואָרפן אין אַ תפיסה, און איך ווער געהיטן פון אַ סך אויגן ביי דער קלענסטער באַוועגונג. די קראַנקנשוועסטער האָט זיך גענומען געבוי צו „שטודירן" די צוויי לאַנגע צעטלען פון דאָקטער, גלייך ווי עס וואָלט געווען שפּינאָזעס פילאָזאָפישער טראַקטאַט... מען האָט מיר געגעבן עפּעס צו טרינקען אין מויל אַריין מיט אַ קליין לעפעלע, דער עיקר האָט מען מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל מיך נישט באַוועגן, און אַ וואָרט פון מויל נישט אַרויסרעדן, אַזויווי פון מיינס אַ וואָרט קען נאָך די וועלט חרוב ווערן... כ'האָב פּשוט מורא געהאַט אַז איך וועל דאָס לשון פאַרלירן. עפּעס אַ קלייני־קייט: — איך האָב צו טאָן מיטן האַרץ. מען האָט מיך מיטאַמאָל צוריקגעשטופּט אויף העכער זעכציק יאָר צוריק, ווען מען האָט מיר אויך געגעבן עסן מיט אַ לעפעלע אין מויל, און איך האָב געמיינט, אַז נאָר אַזוי קען מען עסן... איך האָב געפילט, אַז אָט־אָט, און עס ענדיקט זיך אַלץ, כאָטש נעם און שיק צום ראש המתעסקים פון דער חברה קדישא.

אין אָוונט האָט זיך באַוויזן ביים בעט אַ „הייליקע" קראַנקנשוועסטער, אָנ־געטאָן אין אַ לאַנגער, שוואַרצער סוטאַנע, מיט אַ ווייסן ברייטן קאָלנער אַרומ־גענומען מיט גראָבע לאַנגע שוואַרצע קרעלן, אין דער מיט — אַ גאָלדענעם צלם אויף וועלכן אונדזער בלאָנדער ברודער, דער אותו האיש, ליגט בכבוד גדול מיט אויסגעשפּרייטע הענט מיט אַ רחמנות־פּנים פאַר אַלע ליידנדיקע...

די „הייליקע" באַרמהאַרציקע קראַנקנשוועסטער האָט מיך באַגריסט מיט אַ ברייטן „אַווע מאַריאַ פּוריסימאַ", וואָס אויף פּראָסט מאַמע־לשון הייסט עס מן־הסתם אַ גאָט העלף! אַזוי בין איך זיך משער. האָט זיך אַנידערגעזעצט ביים

בעט; די קרעלן האָבן זיך געוויגט אַהין און צוריק; עס האָט אויסגעזען אַז „ער" שאָקלט זיך ביי אַ תפילה... די „שוועסטער" האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז למען השם זאָל איך קיין וואָרט נישט אויסרעדן, נאָר אַלץ ווייזן מיט די הענט. קוקנדיק אויף איר האָט מיך אַ פחד אַרומגעכאַפּט, אַזויווי דעמאָלט ווען כ'בין נאָך געווען אַ קינד און האָב דערזען דעם אַלטן גלח, אָדער די קלויסטער־שוועסטער מיטן צעקנייטשטן פּנים ווי אַלטער פּאַרמעט. פאַר מיינע אויגן האָבן אויפגעטויכט בילדער פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, די „הייליקע" יעזויִטן, דער קעניג פערנאַנדאָ, טאָרקוועמאַדע דער רשע, איזאַבעל די פרומע, אויטאָ דאַ פע, מאַראַנען, טאָרטורן א"א.

אויף מאָרגן, נאָך אַ נאַכט פון קאָשמאַרן, האָט די „הייליקע" קראַנקנשוועסטער אַריינגערופן מיין טאָכטער אין אַ באַזונדער צימער און זי געפרעגט „פאַרטרוילעך" צי איך וואָלט נישט געוועזן אַ בעלן אַז זי זאָל מיך אַ ביסל שמדן... מיין טאָכטער האָט איר געענטפערט, אַז דאָס איז אוממעגלעך. אָבער די „שוועסטער" איז באַשטאַנען אַז זי זאָל מיט מיר וועגן דעם ריידן, און ווי איר ווייסט, מיינע טייערע לייענער, איז פון דעם משא־מתן גאָרנישט געוואָרן...

איך האָב געהאַט דריי פאַרשידענע דאָקטוירים און צוויי קראַנקנשוועסטער. איין דאָקטער איז געווען אַן אַלגעמיינער, איינער — אַ האַרץ־ספּעציאַליסט, און איינער אַ „בלוטיקער", וועלכער האָט מיר יעדן טאָג געצאַפּט דאָס בלוט פאַר אַנאַליזן. געקומען איז ער אין דער פרי, מיט שטילע דראָבנע טריט האָט ער זיך אַריינגעשליכט אין מיין צימער, גענומען מיין האַנט, זיך אויסגעזוכט „זיין אָדער", אַריינגעהאַקט די נאָדל, גענומען זיך זיין ביסל בלוט און זיך אַרויסגעשליכט אַזוי שטיל ווי ער איז געקומען. ווען ער האָט זיך גענומען זיין ביסל בלוט אין דעם פלעשל, האָב איך געהאַט אין זינען „בדמיך חיי"...

די נייעס פון מיין קראַנקייט האָט זיך פאַרשפּרייט אין שטאָט און אַפילו אין די שכנותדיקע לענדער. קיין באַזוכער האָט מען נישט צוגעלאָזט, עס האָבן אָנגעהויבן צו קומען בריוו, גרוסן, און אַפילו טעלעגראַמעס פון אַנדערע שטעט; מען האָט מיר אויפן קילאָ געוווּנטשן אַ רפואה שלימה, מען האָט זיך אָנגעפרעגט וועגן געזונט פון מיין „הויכער פערזענלעכקייט", ביז דער קריזיס איז אַדורך און דער דאָקטער האָט דערלויבט אַ באַזוך יעדן טאָג פון אַ שעה צייט. עס האָבן מיך באַזוכט פריינט, באַקאַנטע, פאַרשטייער פון אינסטיטוציעס, פרעזידענטן, סעקרעטאַרן און סתם „נאַטשאַלסטוואָ". יעדער מיט אַ פּעקל אונטערן אָרעם, אַ מתנה פאַרן קראַנקן. איינער אַ ייִד אַ נודניק האָט דווקא געוואָלט וויסן וואָס עס איז אייגנטלעך געווען די סיבה פון מיין פּלוצימדיקער קראַנקייט. האָב איך אים געזאָגט: „דאָס איז געקומען פון זקנה, גישט פאַר אייך געדאַכט"...

איך גיי שוין אַרום אין שטוב יעדן טאָג אַ שעה צייט. איך לערן זיך גיין... לעת־עתה האָב איך אָפּגעהאַלטן אַ נצחון איבערן מלאך־המוות. זעט אויס, אַז אין דער פמליא של מעלה האָב איך נאָך דאָרט עפּעס אַ שטיקל קאָנטע...

הערווייל האָב איך אַ גרויסע זאָרג מיט די פּעקלעך, מתנות וואָס איך האָב באַקומען פון די פילע פריינט וואָס איך האָב מיר אָפּגעשפּאָרט. איך האָב פּעקלעך פון שווייצאַרישן שאָקאָלאַד, ענגלישע קאַראַמעלן, קאַליפאָרניער פרוכטן, פראַנצויזישע פּערפומען, אַמעריקאַנער קיכעלעך, ישראל־וויין, סקאַנדינאַווישע פאַרשידענע הערינגלעך, האָלענדישן קעז, און נאָך פאַרשידענע פּראָדוקטן, און איך קלער איצט וואָס צו טאָן, צי זאָל איך מיר באַלד ווי איך וועל נאָר אַרויס אין גאַס, עפענען אַ דעליקאַטעסן געשעפט פון דער „סחורה" וואָס איך פאַר־מאָג, אָדער איך זאָל עס צעשיקן איבער דער וועלט צו קרובים און פריינט...

# מ׳שיקט מיר ביכער צו פאַרקויפן...

איך געדענק נישט גענוי ווי אַזוי עס האָט זיך אָנגעהויבן. עס איז שוין עטלעכע יאָר אין דעם ווי אַ שרייבער פון בוענאָס איירעס האָט מיר אַריינגע־שיקט אַ מנין ביכער, אַז איך זאָל זיי פאַרקויפן צו די ייִדן אויף די הויכע בערג פון אונדזער מדינה. האָב איך מקיים געווען די בקשה פונעם מחבר און פאַר־קויפט די ביכער, אָפּגעשיקט די פאָר הונדערט „שקלים" און געמיינט אַז מיט דעם האָט עס זיך געענדיקט און פטור געוואָרן אַן עסק.

איך האָב אָבער געהאַט אַ ביטערן טעות. וויבאַלד מיין ידיד אין בוענאָס איירעס האָט פון מיר דעם טשעק באַקומען, האָט ער זיך נישט געפּוילט און מיר אָנגעשריבן אַ געהעריקן דאַנק־בריוו, אַז ער איז זייער צופרידן — און פאַרוואָס נישט? — וואָס איך האָב פאַרשפּרייט זיין „שאַפונג", און ער וועט מיר קיין מאָל נישט פאַרגעסן, מחמת ער האָט זיך זייער געניייטיקט אין געלט... און וועלכער ייִדישער מחבר נייטיקט זיך נישט אין געלט? און ער זעט טאַקע, אַז איך בין דער אמתער קולטור־מענטש, און עס איז ווערט, אַז מען זאָל וויסן מיין איבער־געגעבנקייט סיי פאַרן ייִדישן לעבעדיקן וואָרט, און סיי פאַרן ייִדישן שרייבער וועלכער געפינט אין מיר אַן איבערגעגעבענעם קולטור־עסקן.

פון דעמאָלט אָן האָט דער שרייבער מיך מפרסם געמאַכט צווישן זיינע קאָ־לעגן און באַלד האָט זיך אָנגעהויבן פשוט אַ מבול פון ביכער, זשורנאַלן, אַבאָ־נענטן אויף צייטשריפטן, ביכער מיט פּאָעזיע, לידער. מיט איין וואָרט: עס איז ממש געוואָרן אַ פאַרפּלייצונג פון דער דאָזיקער סחורה. אויף דער פּאָסט האָט מען אָנגעהויבן צו קוקן אויף מיר מיט חשד... מען האָט מיר געשטעלט פראַגן, וואָס אַזעלכעס איך אימפּאָרטיר... און דערווייל איז ביי אונדז געוואָרן וואָס אַ מאָל ווייניקער ייִדן. מען איז זיך צעפאָרן אין די שכנותדיקע לענדער און בי־כער זענען אַלץ מער אָנגעקומען. ווען איך פלעג דערזען אין די צייטונגען, אַז עס איז דערשינען אַ בוך פון אַ ייִדישן שרייבער, האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ ציטער אַרומ־געכאַפּט.. און בטבע, ווי איר ווייסט, קויפן דאָך ייִדן נישט קיין ביכער, נאָר מען פאַרקויפט זיי... און צום ערגסטן איז, ווען איך דערהאַלט ביכער פּאָעזיע, לי־דער. דאָ דערהרגעט מען מיך שוין אין גאַנצן. איך גיב אַזאַ בוך אַ ייִדן ער זאָל עס קויפן, נעמט ער עס אין האַנט און בלעטערט און לייענט:

די לבנה איז געווען בלאָס.
דער טייך איז געווען נאַס...

## אַבעל יאַרמוש

די שטערן לייכטן אין הימל,
און אויף דער ערד איז שטיל נישט קיין געטומל...

דער ייִד דרייט דאָס ביכל אַהין און אַהער און רופט זיך אָפּ צו מיר: איר ווייסט מיין ליבער פריינט, ווען איר וואָלט גראָד געהאַט עפּעס אַ ביכל צום לייענען וואָלט איך יאָ געקויפט...

אַ צווייטער ייִד זאָגט מיר: — „איר ווייסט דאָך אַז איך האָב נישט קיין צייט און נישט קיין געדולד צו לייענען ביכער. דעם איינציקן פריינען טאָג וואָס איך האָב איז זונטיק, און זונטיק מאַכט מען אַ פּאָקער, נו, ווען זאָל איך לייענען ביכער?". ענטפער איך אים: — „וואָס רעדט איר, רב ייִד, איר ווייסט דען נישט אַז דאָס בוך איז שוין אַ  אַ געלייענטער און איר וועט פאַרשפאָרן אַליין צו לייענען".

מיט אַ צייט צוריק האָט מיר אַ מחבר אַריינגעשיקט אַ טוץ ביכער וועלכע זענען געווען געבונג שווער אין וואָג... אָנגעפּיקעוועט מיט דאַטן, ציפערן, פּראָבלעמען, סאָציאַלע פראַגן (איבער 400 זייטן אָן עין־הרע) און איך האָב נעבעך געשוויצט, געאַרבעט איבער די כוחות און די ביכער „פאַרשפּרייט". און ווי דער סדר־עולם פירט זיך, טו איך ערשט „איינקאַסירן" אין אַ פּאָר חדשים אַרום... אַבי מען נעמט נאָר ביי מיר די סחורה בין איך שוין צופרידן... און עס האָט געטראָפן, אַז גאָר אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מיך ווידער אַ שרייבער איינגעשיקט עטלעכע דינערע, לייכטערע ביכלעך צו „פאַרשפּרייטן" און נישט פאַרגעסן מיר צו שרייבן אַ גאָר פיינעם בריוול, מיך באַטיטלט אַלס דער „אַמבאַסאַדאָר" (נישט ווייניקער, חלילה) פון דער ייִדישער קולטור און פון ייִדישן בוך אין מיין מדינה, און ער איז זיכער, — שרייבט ער, — אַז איך וועל זיין „ווערק" אָן שוועריקייטן פאַרקויפן, מחמת עס לייענט זיך לייכט... (דאָס ביכל וועגט אויך זייער ווייניק...) און דער עולם וועט עס געגרן קויפן.

זיץ איך מיר אַזוי אין געשעפט און קוק אויס אויף אַ קונה, וואָס איז אַ זעלטנקייט ביים היינטיקן טאָג, און עס קומט אַריין אַ ייִד מיט אַ ברייטן גוט־מאָרגן און פרעגט מיך, צי איך האָב עפּעס פון די לעצטע „לייכטע" ביכלעך וואָס איך האָב באַקומען די פאַריקע וואָך. דערהערנדיק אַזעלכע דבורים פון אַ ייִדן וועלכער פרעגט זיך אויף אַ בוך, נעם איך אים גאָר פיין אויף און איך טראָג אים אַנטקעגן אַ זיסן שמייכל, דערלאַנג אים אַ בענקל צו זיצן, פרעג איך אים וואָס דאָס ווייב מיט די קינדער מאַכן און בשעת מעשה טראַכט איך מיר: עוד לא אלמן ישראל, ס'איז נאָך דאָ אַ ייִד דעם עם הספר וואָס קומט אַריין קויפן אַ ייִדיש בוך. אָבער מיין צופרידנקייט איז באַלד צעשוווּמען געוואָרן ווי אַ רויך... עס לאָזט זיך אויס, אַז דער ייִד וויל, אַז איך זאָל אים אויסטוישן דאָס גראָבע בוך אויף דעם דינעם, וואָס לייענט זיך פיל לייכטער... און

הגם, — גיט ער צו, — ער האָט דאָס גראָבע בוך (ער גיט נישט אָן דעם נאָמען) געקויפט מיט עטלעכע חדשים צוריק, איז עס גאָרנישט רוז׳נירט, מחמת ער האָט עס נאָך נישט געלייענט... און ווען דער ייִד האָט געזען מיין פאַרלעגנהייט און פאַרווונדערונג, זאָגט ער: — „זייט נישט ברוגז, ליבער פריינט, אויב עס דאַרף עפּעס קאָסטן דאָס אויסבייטן פון דעם גראָבן אויף דעם דינעם, בין איך גרייט צו צאָלן...״.

איינער, ווידער, אַ ייִד האָט צו מיר טענות פאַרוואָס איך פאַרקויף אים אַלץ נאָר „לייכטע״ זאַכן אָדער מלחמה־ליטעראַטור. — „גענוג, — זאָגט ער, — אָנגעלייענט פונעם חורבן. זאָל מען איך שיקן עפּעס בעסערע ווערק (וועלכע „בעסערע״ ווייסט ער נישט). און וואָס אַ שטייגער, וואָלט איר געוואָלט,— פרעג איך אים, — אפשר דעם מורה־נבוכים פונעם רמב״ם? — נישט דאָס מיין איך, — ענטפערט ער מיר, — אין דער אַלטער היים האָב איך געהאָט געלייענט ביכער פון טאָלסטאָי, טורגעניעוו, לערמאָנטאָוו, גאָרקי, און ווען איך וואָלט געהאָט די ביכער וואָלט איך זיכער זיי געקויפט...

אַנומלטן קריג איך אַ בריוול פון אַ יונגן שרייבער (ממש פון דער נאָדל אַרויס), אין וועלכן ער שרייבט מיר: „מיין ליבער און חשובער קאָלעגע, היות ווי איך האָב געלייענט אייערס אַ פיינע קאָרעספּאָנדענץ (דאָס גיט ער מיר אַ גלעט איבערן בעקל...) פון אייער מדינה, אַז די ייִדן דאָרט זענען אויסגעהונגערט נאָך אַ ייִדיש וואָרט, נאָך אַ ייִדיש בוך, נעמען אַזוי פיין אויף ייִדישע אַקטיאָרן און פריילעך זיך מיט יעדע קולטור־דערגרייכונג, און אַזוי ווי איך האָב ערשט אַרויסגעגעבן אַ בוך וואָס איז זייער און זייער אינטערעסאַנט און „צעגייט״ זיך אין די הונדערטער עקזעמפּלאַרן, און אויך די קריטיק האָט זיך וואָרעם אָפּגערופן וועגן בוך, און אַפילו דער באַוווסטער קריטיקער פלוני בן פלוני אַליין האָט אויך אָנגעשריבן אַ גאָר פיינע רעצענזיע וועגן מיין בוך און מיך שטאַרק געלויבט, נו, וויל איך אייך אַריינשיקן אַ ביסל ביכער און זאָלן אייערע „הויכע״ ייִדן לייענען און הנאה האָבן און פאַר מיר, — שרייבט מיר דער מחבר, — וועט עס אויך זיין אַ גרויסע סאַטיספאַקציע, אַז מיינע ביכער וועלן פאַרשפּרייט ווערן צווישן אייערע ייִדן, און אַגב וועל איך קענען אַרויסשלעפּן אַ ביסל געלט פון דעם וואָס איך, ווי אַן אָנפאַנגער, האָב אין דעם מסחר אַריינגעלייגט... און פאַר אייך שיק איך אויך אַ בוך ווי אַ מתנה״.

נו, איבערגעלייענט דאָס בריוול, האָב איך בשום אופן נישט געהאָט קיין האַרץ אָפּצוזאָגן. ראשית־כל, וואָס דער מחבר איז נאָך אַן אָנפאַנגער וועלכן מען מוז סטימולירן צו ווייטערדיקע „שאַפונגען״, והשנית, וואָס ער שיקט מיר אַרויס אַ בוך אַ מתנה מיט אַ געהעריקע צושריפט, ווי איך האָב עס פאַרדינט... והשלישית (און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע), וואָס ער דערמאָנט אין זיין בריוו

אַז פלוני בן פלוני, בכבודו ובעצמו האָט זיך „וואָרעם" אָפּגערופן וועגן זייַ בוך, און איך ווייס נישט ווי איר, נאָר איך האָב זיך מורא צו פאַרטשעפּען מיט קריטיקער... און מיט דעם האָט דער שרייבער מיך געלייגט אויף די „לאָפּאַט־קעס" און איך האָב געהייסן שיקן...

מאַנכעס מאָל האָב איך אויך אַ ביסל נחת ביים פאַרקויפן ביכער. אָט האָט מיך מיט אַ שטיקל צייט צוריק געטראָפן מיינער אַ „קונה" און מיר געמאַכט אַ „קאָמפּלימענט". — איר ווייסט, ליבער פריינט, אַז איך האָב געהאַט אַ גרויסע הנאה פון דעם ביכל וואָס איר האָט מיר פאַרקויפט מיט... 2 יאָר צוריק... איך בין מיט צוויי וואָכן צוריק געווען אין די בעדער, האָב איך נישט געהאַט וואָס צו טאָן, מחמת עס איז נישט געווען קיין „קאָמפּלעט" אויף אַ פּאָקער, עס האָט אויסגעפּעלט אַ האַנט, האָב איך מיך דערמאָנט, אַז מיין ווייב האָט מיר איינגעפּאַקט, צוזאַמען מיט די פּרוכטן און סאַרדינען אויך דאָס ביכל וואָס איר האָט מיר געהאַט פאַרקויפט מיט צוויי יאָר צוריק, נו האָב איך עס איבער־געלייענט און באמת הנאה געהאַט, און אם ירצה השם, ווען איך וועל איבער־אַ־יאָר ווידער פאָרן אין די בעדער, וועל איך ווידער ביי אייך אַ ביכל קויפן, אַבי עס וועט נאָר זיין אַ „גוטע זאַך"... בקיצור: נישט געזאָרגט ייִדישע שרייבער! שרייבט! שאַפט! דער עם הספר קויפט ביכער אַז עס איז אַ שרעק...

## אינהאַלט:

## דרום־אַמעריקאַנער פעליעטאָנען

